פראָלעטאַריער פון אַלע לענדער, פאראייניקט זיך!

נ. אויסלענדער, י. באַקסט,
—— ג. פרידלאַנד ——

A. Maynede

# אַרבעט און קאַמף

## ליטעראַרישע כרעסטאָמאַטיע

הילפס-בוך פארן 4-טן, 5-טן און 6-טן לערניאָר.

צווייטע העפט

3-טע אָפטיילונג

מאָסקווע ‖ צענטראַלער פארלאַג פאר די פעלקער פון פ.ס.ס.ר. ‖ 1926

# דריטע אָפּטיילונג

ש. ראָסין

## בין איך ניט אַ קינד

בין איך ניט אַ קינד דען פון טאַטן דעם טרעגער
מיט גאַסיקן וואַלגער אַף יאָך פון זיין פלייצע?
איז ער ניט געפאַלן אַף בראָך פון וועגן
איידער איך האָב נאָך דערהויבן געגרייט זיך?

בין איך ניט אַוועק דען אַ קינד באַ דרייצן
אַף ברויט און אַרבעט מיין יוגנט צעבייטן?..
און האָט מיך די זון אין באַגינען
אַף אַרבעט געטריבן מיט גאָלדענע בייטשן

און פאַרנאַכט אין געעלטערטע קנייטשן
פון שטאָט און פון האַרצן
אַף שטריק פון דער שקיע געצויגן...
און ניט איך בין געווען דען פון ערשטע,

וואָס האָבן מיט אָנוואַקס פון פלייצעס געשיידט זיך,
וואָס האָבן די קראַפט
פון די אייגענע הענט,
פון באַפרייטע, דערפילט?..

דערפאַר איז מיין בליק היינט
אַף פלאַקער פון פאָנען געווענדעט,
דערפאַר איז אין שטאָלענע רייען
מיין קאָפּ היינט געצילט.

ש. אַש

# מאָטקע

## ווי אַזוי מאָטקע איז אַף דער וועלט געקומען

דער בלינדער לייב האָט געוואוינט מיט זלאַטקען אין דעם „קעלער". אין קעלער האָבן געוואוינט אַזעלכע מענטשן, וואָס האָבן ניט געצאָלט קיין דירע-געלט, נאָר אַ כאַזאָ-קע געהאַט אין אים. געווען איז דאָס אַ קעלער אונטער אַן איינגעפאַלענער כורווע, וואָס אַמאָל אין אַלטע צייטן איז אין אים געווען אַ בעקעריי. איין האַלבן קעלער פאַרנעמט פיי-געלע די אויבס-הענדלערין מיט אירע קויבערס, זעק און פוילע ראַגאָזשעס. זי האָט די עמעסע כאַזאָקע אין קעלער — זי האָט דאָ געוואוינט נאָך, ווען דער קעלער איז געווען אַ בעקעריי. די צווייטע העלפט פארנעמט דער הויכער שפּאָלער, וועלכן די כיידער-אינגלעך רופן „גאָן-גאָן", ווייל ער האָט אַ „גאָנער" אין האַלז, און וואס אלע זומער פארן אָנבייסן ציט ער אויף זיינע ווייסע פעדים אויפן שפּאָלראָד אין געסל און פאַרנעמט אַ האַלבע גאַס מיט זייער לענג — און כיידער-אינגלעך וואונדערן זיך, ווי אַזוי קאן זיך דער „גאָן-גאָן" מיט אלע שפּאָלעס, וואָס פאַרנעמען דאָך אַ האַלבע גאַס, איינגעפינען אין קעלער?!

דער דריטער שאָכן אין קעלער איז געווען מייער דער ווייבערשער לערער, וועלכער איז אַליין געווען אַ שטיק כאַזאָקע — ווייל ער איז געווען פייגעלע דער אויבס-הענדלערינס ן איידעם. ער האָט פארנומען דעם ווינקל קעלער בא דעם פענסטער.

רופן רופט מען אים דער ווייבער-לערער, אָבער אין עמעסן איז ער נאָר אַ בריוו-שרייבער, און צו אים קומען די ווייבער אַ בריוו לאָזן שרייבן אָדער איבערלייענען. דענסט מאָל טוט זיך מייער אָן די גרויסע ברילן אַף דער נאָז, בויגט צו דעם בריוו צו די פענסטער-לעך און לייענט פאַר דער אידענע דעם בריוו, און די אידענע וואונדערט זיך, ווי אַזוי מייער דער לערער קען אַלעס פון אַ שטיקל פּאַפּיר אַרויסלייענען.

דער פערטער שאָכן, דער וויכטיקסטער פון קעלער, איז געווען דער בלינדער לייב, ער האָט טאַקע קיין כאַזאָקע ניט געהאַט, נאָר ווער וועט עס זיך שטעלן מיטן בלינדן לייב?

האָט ער זיך אַמאָל אַפּן ווינטער ארייננעכאַפּט מיט זלאַטקען און באַלייגט אַ גאַנצע וואַנט מיט געלעגערס: דער בלינדער לייב האט שוין דענסטמאָל געהאַט אַ גרויס געזינדל: זלאַטקע האָט געבוירן יעדעס יאָר אַ קינד, וואָרים דאָס קינדלען איז געווען איר הויפּט-פּאַרנאָסע. זלאַטקע איז געווען גערעכנט אין שטאָט אַלס אַ גוטע אַם, וואָס פון איר מילך ווערן די קינדער פעט. האָט זי איר קינד געקאָרמעט מיט אַ פלעשל און אַליין אַוועק פאַר אַן אַם.

און דאָס איבעריקע האָט שוין דער בלינדער לייב אַליין צוגעפּאַרדינט אין גאַס — ער איז געווען אַ טרעגער.

איינמאָל אָסיען-צייט האט יענטל די מעקלערן — די אידענע מיטן ברייטן קלייד — וואס מע זאָגט אַף איר, אַז זי טראָגט דורך אַ פּאָר פוד סכוירעס אונטערן קלייד דורכן גרע-ניץ, — אָנגעטראָפן זלאַטקען אין גאַס, ווי זי האָט געדונגען באַ אַ פויערשער פור קאַרטאָפ-לעס. און אַז יענטל האט אַף איר געוואָרפן אַ שאַרפן בליק, האט זי איבערגעלעקט מיט דער צונג די דאַרע ליפּעלעך, "ווי אַ קאַץ, און געזאָגט:

— שוין ווידער, זלאַטקע, זאָל זיין מיט מאַזל. אין איין צייט מיט דעם זשאָכלי-נערס שנור.

— וועגן וואָס מיינט זי דאָס? — פרעגט זלאַטקע נייגעריק, כאָטש זי שטויסט זיך שוין אָן, און עס ווערט איר עפּעס אַביסל פּריקרע.

— איך מיין דאָס קעגן דעם, אַז באַ דעם זשאָכלינער וועט דיר גוט זיין, און זיי וועלן דיר צאָלן אַ שיינעם גראָשן.

— וואס, דאָס ווייבל קאָן ניט אַליין שטילן דאָס קינד? אַ שוואַכע?
— יאָ אַ שוואַכע, ניט אַ שוואַכע, דו ווייסט דען ניט? אַ נעגידעסטע, מעג זי זיך דערלויבן. וואָס פעלט איר?
— איך ווייס — וואָס מיינט זי דאָס צאָלן?
— מיר וועלן שוין אַדורכקומען. יענע בעטן מיך שוין צייט אַ כּוידעש, איך זאָל האָבן אָפּן זין אַ גוטע אַם.
— מיילע, זיי קאָנען זיך נאָכפרעגן אַף מיין מילך, איך האָב אויסגעזויגן מוישע פּינשעווערס אַן אייניקל און באַ די זילבערבערגס צווי קינדערלעך און באַ דער נעגידעסטע.
— דאָס ווייסן מיר דאָך טאַקע. איך גיי באַלד אַהין צו די זשאָכלינערס און נעם אייך מיט. טוט אייך נאָר אָן אַ ריינע שירץ, עס וועט באַלד זיין האַנט-געלט.
נאָך יענעם טאָג האָט זלאַטקע גענומען האַנט-געלט אַף דער מילך, מיט וועלכער די נאַטור האָט זי באַשאָנקען פאַר איר קינד.
דערווייל איז מאָטקע געזעסן גאַנץ רואיק אין דער מוטערס בויך, איז מיטגעגאַנגען מיט דער מאַמען אַף אַלע מערק, געקראָכן אַף אַלע פורן, געשלעפּט מיט דער מאַמען די זעק און די קערב און ווייניק זיך אויסגעמאַטט, וואָס די מאַמע האָט זיין מילך פאַרקויפט.
עס איז געקומען די צייט, אַז מאָטקע זאָל אַף דער וועלט קומען. זלאַטקע האָט ניט געמאַכט קיין לאַנגע שיעס. און איידער דער מאַן איז אַהיים געקומען, האָט שוין אַ מוירעדיקער שרייער דעם גאַנצן קעלער אויפגערודערט; דאָס האָט מאָטקע צו ווייסן געגעבן: ער איז דאָ!
די ערשטע אַכט טעג, ביז צום אידישן אים, איז אים וואויל געווען אַף דער וועלט. ער איז געלעגן אין אַ קישן איינגעוויקלט, עס האָבן זיך נאָר אַרויסגעוויזן זיינע צוויי שוואַרצע, שוואַרצע פינקלדיקע אויגעלעך, וועלכע זיינען אַרומגעלאָפן איבער דעם גאַנצן קליינעם שוואַרצן פּענימל, ווי צוויי מייזעלעך. קעדיי זלאַטקע זאָל פיל מילך האבן פאַר איר שנורס קינד, האָט די אַלטע זשאָכלינערן געבראַכט זלאַטקע אין קינפּעט פון אַלעם בעסטן: דאָ אַ יאַיכל, דאָ אַביסל איינגעמאַכטס, דאָ מילך, דאָ אַ פלעשעלע ווייַ. עס איז געווען אי אַ מיצווע — אַן אָרימע קינפּעטאָרן, אי אַ נוצן — די מילך פון איר אייניקלס אַם זאָל פעט זיין.
אַפן אַכטן טאָג האָט מען מאָטקען געבראַכט אין אַ קישן צו דער כעוורע טרעגערס אין שולעכל. די מיצווע פון סאַנדעק האָט די אַלטע זשאָכלינערן אָפּגעקויפט פאַר איר זון.
דער יונגערמאַנטשיק, טאַקע דער, וואָס זיין קינד וועט זלאַטקע זויגן, האָט מאָטקען צוגעטראָגן און איבערגעגעבן דעם פאָטער. דער בלינדער לייב איז געווען איינגעוויקלט אין אַ לאַנגן ברייטן טאַלעס.
ער האָט גענומען מאָטקען און אָפּגעגעבן דעם דאַיען, וואָס איז געזעסן אַף דעם שטול. באַלד האָט מאָטקע געגעבן אַ קוויטש אַז דאָס גאַנצע שולעכל האָט געציטערט: ער האָט דערפילט די ערשטע אַוולע, וואָס מע טוט אים, און ניט פאַרשטאַנען פאַר וואָס.

## מאטקע וויל ניט די שמאטקע זויגן

אין אַ פאָר וואָכן אַרום, אין אַ שיינעם נאָכמיטאָג, אין אַ זונען-טאָג איז מאָטקע געלעגן אין אַלטן קויש, אין וועלכן פייגעלע די אויבס-הענדלערן האָט דורכן ווינטער פאַרפוילטע עפּל געהאַלטן. דער מאַמעס אַן אַלטע טוך אויסגענוצעוועט פון ווינט און רעגן, וואָס די מאַמע האָט עס אין אַלע וועטערס געטראָגן, האָט מאָטקעס יונג לייבל אַרומגעהילט. דאָס מיילעכל זיינס איז געווען פאַרשטאָפּט מיט אַ שטיקל נאַסער לייוונט, אין וועלכן עס איז געווען איינגעבונדן אַ שטיקעלע צוקער, און מאָטקע האָט דערפון אָן אויפהער גענאָגט, געצויגן. די ענערגישע אָדערן באַ דעם קינדערשן מיילעכל האָבן זיך צונויפגעצויגן אַרום דעם שטיקל לייוונט און געזויגן דערפון דעם „כּיעס“.

זיינע שווארצע אייגעלעך זיינען האַלב געווען פאַרשלאָסן, דאָך געשלאָפן איז מאָטקע ניט, ווארים ער איז פון צייט צו צייט אַרויס מיט אַ קוויטש, מיט אַ געוויין, און געשריען אַזוי לאַנג, ביז דאָס קליינע שוועסטערל, וואָס איז טיילמאָל געזעסן נעבן אים און טייל-מאָל זיך געשפּילט מיט די קינדער אין געסל, איז צוגעקומען צום וויגל און מאָטקען צוריק אַריינגעשטעקט דאָס שטיקל לייוונט אין מויל אַריין.

אַמאָל פלעגט דער אַלטער רעב מייער זיך אויפהויבן פון זיין אָרט באַ די פענסטער-לעך, צוקומען צום קויש און אַריינשטעקן אים דאָס הענטל אין מיילעכל אַריין, און מאָטקע האט זיך ווידער גענומען נאָגן, זויגן פון די הענטלעך אָדער פון שטיקל לייוונט, אַקוראַט ווי מען וואָלט אים אַ קוואַל פון מילך צום מויל צוגעלייגט. באַלד אָבער איז ער ארויס מיט אַזאַ געוואַלד, מיט אַזאַ געשריי, אַז דער גאַנצער קעלער האָט זיך אויפגעשטעלט קאַפּויר. מאָטקע האָט דערפילט, אַז עפּעס איז געשען, מאטקע האט געשריען. צוערשט האט דער קעלער געשוויגן. דער קעלער האט זיך רואיק פאַרהאַלטן צו מאטקעס געשרייען, ווארים מ'איז דארט געוואוינט געווען, אַז קינדער זאלן וויינען און שרייען, און דאס האט אַף קיי-נעם קיין איינדרוק ניט געמאַכט. אבער מאטקע איז געווען אַן אויסנאַם. מאטקע האט גע-לאזט הערן דער וועלט, אַז עס איז אים געשען אַן אומרעכט. מאטקעס גוואלדן האבן קיין ענדע ניט גענומען.

צום ערשטן מאל האט דער קעלער געהערט אזעלכע געוואַלדן. ביז איצט, אַז זלאַט-קע פלעגט אַוועק אַלס אם און איבערלאזן אַ קליין קינד אינדערהיים, און מ'ע האט דעם קליינעם קינד געשטעקט די שמאַטקע אין מויל אַריין, האט דאס קינד פריער געשריען, גע-שריען ביז עס איז מיד געווארן און גענומען ציען די שמאַטקע, דער סאף איז געווען: אדער עס איז געשטארבן, אדער עס האט זיך אדורכגעצויגן די שלעכטע צייט, ווען עס איז נאך ניטא קיין ציינער אין מויל און מ'ע קאן ניט עסן, וואס אלע מענטשן עסן, און דאס קינד איז געבליבן לעבן. דער אבער וויל גאר ניט שווייגן!

דער אַלטער מייער איז אַרויס אין געסל אויפזוכן הינדעלען, מאטקעס עלטערע שוועסטערל, ווען די מאַמע האט אנפארטרויט מאטקעס דערציאונג.

הינדעלע איז אינגאַנצן אַלט געווען אַכט-ניין יאר. זינט זי איז פיר יאר אַלט געווארן, ניאַנטשעט זי די קינדער. ווען די מאַמע גייט אַוועק אין די הייזער אַלס אַן אם, לאזט זי דאס קליין קינד אַף הינדעלעס הענט, אַז זי זאל עס אויפציען מיטן פלעשל און מיט דער שמאַטקע. הינדעלע איז אבער נאך אַליין געווען אַ קינד, און אַכוץ דעם, וואס זי האט ליב געהאַט צו שפּילן זיך אין געסל מיט אַנדערע קינדער, האט זי נאך געמוזט זען אַליין זיך צו דערנערן: פאַר רעשטלעך ברויט, כאַלע, פלייש, וואס זיינען איבעריק אין אַ באַלעבאַ-טישער שטוב, אַ שליכעס גיין, געפּעס וואַשן אדער אַזוי עפּעס פאלגן. לאַנג האט זי דער אַלטער מייער געזוכט אין געסל ביז ער האָט זי געפונען באַ בלימעלע דער שניידערקע, וואו זי האָט דאָס געפּעס געוואַשן פאַר אַ שטיקל ברויט מיט אַ טעפּל באָרשטש.

הינדעלע האָט איבערגעלאָזט בלימעלעס געפּעס און איז אהיים געלאָפן. זי האָט גע-פּרוּווט דאָס קינד באַרואיקן מיט די אַלטע באַקענטע מיטלען, וועלכע זי האָט אָנגעווענדעט דורך דער לאַנגער צייט פון איר אַלטער פּראַקטיק באַ קינדער-דערציען: דאָס הענטל אין מויל אַריין, דאָס שטיקל שמאטקע מיט צוקער, און צום סאָף דאָס ראַדיקאַלסטע מיטל— דאָס פלעשעלע וואַסער מיט מילך, צונויפגעגאָסן פון דעם, וואָס איז איבערגעבליבן אין די טעפּלעך אין קיך. אז דאָס פלעשעלע האָט אָבער אויך ניט געהאָלפן, און מאָטקע האָט גאָר-ניט געפּרוּווט נעמען אין מויל אַריין, נאָר אַראָפּגעוואָרפן פון זיך מיטביידע פיסלעך דער מאַמעס טוך און געשריען, אַז דער באַלקן האָט זיך געשפּאָלטן, איז הינדעלע געבליבן אַ דערשראָקענע. זי האָט ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. זי האָט גענומען אַף די הענט; זי האָט געוויגט; זי האָט געזונגען וויג-לידלעך—דאָס קינד האַלט אין איין שרייען. האָט זי אויך אָנגעהויבן צו שרייען און צו וויינען אינייעם מיטן קינד. עס זעט אויס, אַז זי

האָט זיך אַף אַ מינוט פאַרגעסן און געמיינט, אַז זי איז נאָך אויך אַ קינד און האָט אויך דאָס רעכט צו וויינען. אָבער דער אַלטער מייער האָט איר באַלד דערמאָנט, ווער זי איז אַזעלכע.

— וואָס שטייסטו ווי אַ גוילעם און שרייסט? הינדעלע, וואָס טוט זיך מיט דיר? ביסט דאָך עפּעס אַ דערוואַקסן מיידל. די מאַמע וועט דיך דאָך האַרגענען... וואָס האָסטו דיך גאָר אַוועקגעשטעלט שרייען?

— איך ווייס ניט וואָס איך זאָל טאָן. דאָס קינד וויל ניט דאָס פלעשל—האָט הינדעלע געהאַלטן אין איין כליפּען.

— גיי נאָך דער מאַמען: דאָס קינד איז קראַנק—זאָגט דער אַלטער רעב מייער.

הינדעלע האָט עפּעס מוירע געהאַט צו רופן די מאַמע צום קינד: זי האָט שוין געוואוסט, אַז די מאַמע איז פאַרקויפט פאַר אַ צווייט קינד. נאָר דאָך האָט זי געפאָלגט דעם אַלטן רעב מייער, געכאַפּט אַ טיכל און געלאָפן צו דער זשאַכלינערן נאָך דער מאַמען.

לאַנג איז הינדעלע געשטאַנען אין קיך און געוואַרט אַף דער מאַמען. מע האָט זי ניט צוגעלאָזט—די מאַמע האָט פּונקט געזויגן דאָס קינד, דער זשאַכלינערנס אייניקל—אַ מיידעלע אין מאַטקעס יאָרן.

אַז די מאַמע איז אַרויסגעקומען פון שלאָפצימער מיטן ווייסן הויב אַפן קאָפּ, אנגעטאָן אין אַ ריין ווייס קאַפּטנדל מיט אַ ריינער ווייסער שירץ, האָט הינדעלע פאַר דער מאַמען מוירע געקראָגן און דערעכערעך געהאַט, און געשעמט זיך צו זאָגן, נאָך וואָס זי איז געקומען.

וואָס איז געשען? פרעגט זלאַטקע אַ דערשראָקענע.

אַ מינוט האָט הינדעלע געשוויגן. באַלד איז זי אַרויס מיט אַ געוויין, ווי זי וואָלט זיך געוואָלט פאַרענטפערן מיטן געוויין, אַז זי איז ניט שולדיק:

— דאָס קינד וויינט, עס וויל ניט נעמען דאָס פלעשעלע, עס איז קראַנק, מאַמע.

אַז זלאַטקע האָט דערהערט, אַז איר קינד איז קראַנק, האָט זי פאַרגעסן, אַז זי איז אַ פאַרקויפטע, געכאַפּט דאָס טוך איבערן קאָפּ און געלאָפן אַהיים.

אין אַ פאָר מינוט אַרום האָט שוין מאטקע זיין צעהיצט-מיד פּענעמל צווישן דער מאַמעס וואַרעמע ברוסטן איינגעגראָבן, און מיט זיין ענערגיש מיילעכל האָט ער געצויגן פון זיי, אַן דעם אָטעם צו כאַפּן, ווי ער וואָלט געוואָלט אין זיך אַריינזויגן די קוואַלן פון לעבן.

אָבער לאַנג איז מאַטקען דאָס גליק ניט באַשערט געווען. אין קעלער האָט זיך באַלד געוויזן די אַלטע זשאַכלינערן, אין איר רייך באַפּוצטן הויב מיט בענדער, מיט דער גאָלדענער קייט אַפן פּעטן האַלז, וועלכע האט זיך אַראָפּגעלאָזט און פאַרדעקט אַ האַלבע ברוסט. זי האט מיט אַ פרום מינעלע, פאַרגלאָצנדיק די קליינע, קורצזיכטיקע אויגן, מיט אַ פעטן שמייכעלע אַף די שמאַלצעדיקע ליפּן זיך געווענדעט צו זלאַטקען:

— וואָס איז דעם קינד? ער איז ניטגעזונט?

און זי איז נעענטער צוגעגאַנגען און געטאַפּט מאטקעס בייכעלע מיט אירע פעטע קורצע פינגער:

— וואָס איז אים? ער איז קראַנק?—האט זי איבערגעכאַזערט די פראַגע מיט איר פעטן געלעכטערל.

זלאַטקע איז פאַרשעמט געוואָרן פאַר דער אַלטער נעגידעסטע.

זי האט מיט געוואַלד אַרויסגענומען איר ברוסט פון מאטקעס נאַגנדיקן מויל און געענטפערט מיט אַ פאַרשעמטער מינע, ווי זי וואָלט זיך וועלן פאַרענטפערן:

— עס איז אַ קינד, עס קאָן זיך ניט צוגעוואוינען צום פלעשל.

און אויסגיסנדיק איר ביטער האַרץ אַף הינדעלען, האט זי אַף איר אנגעהויבן צו

שרייען:—וואס ביסטו געלאפן נאך מיר? פאַר וואס שטילסטו ניט איין דאס קינד? וואס לויפסטו אַרום?—און האט זיך גענומען הינדעלען שלאגן.

די אַלטע זשאכלינעהן האט זי אפגעהאַלטן. זי האט ארויסגענומען קליין-געלט און צעטיילט צווישן זלאַטקעס קינדערלעך, וואס זיינען זיך צוזאַמענגעלאפן פון אַלע עקן גאַס, ווען זיי האבן דערהערט, אַז די מאַמע איז געקומען.

הינדעלען האט זי געגעבן גאַנצע פינף קאפיקעס און געזאגט צו איר:

— קום אַמאל מיטן קינד אַהין צו דער מאַמען. ס׳שאדט ניט, קום אין קיך אַריין. די דינסט וועט דיר עפעס געבן.

דערנאך האט זי געשמייכלט מאטקען אין פענימל אַריין, קיצלענדיק אים. מיט אירע פעטע פינגער אַף זיין בייכל:

— דו שרייער, דו... דו... אויסגעוואַקסן, אַן איינהארע, אַ יונג. צוויי מאל אַזוי גרויס ווי אונזערע—האט זי געזאגט צו זלאַטקען מיט אַ שמייכעלע און האט זי מיטגענומען מיט זיך.

## מאָטקע קריגט ציין

שלעכט איז געווען מאָטקען ווען ער איז געלעגן אין קויש און געמוזט וואַרטן, ביז דאָס שוועסטערל אָדער דער אַלטער רעב מייער וועלן געדענקען און אים צוטראָגן דאס פלעשעלע.

ער האט זיי געמוזט יעדעס מאָל דערמאָנען מיט זיין שרייען, אַז ער לעבט און באַדארף זיין כעיונע. קוים אָבער האָט זיך מאָטקע אַרויסגעקריגן פון קויש און געקאנט אַליין קריכן אַף אַלע פיר, האָט ער שוין באַזאָרגט אַליין זיין כעיונע.

ער האָט אָנגעהויבן צו עסן אַלעס, וואס ער האט געפונען אונטער זיין האַנט: פון שטיקלעך איבערגעבליבענע ברויט ביז אַן אַלטן קאמאַש, אַ קויש, אַ זאַק, אַלעס האט ער געגעסן, וואס האט זיך געפונען אין קעלער.

דאָס איז אַלעס געווען, ווען דער ווינטער האט געהערשט אין דרויסן און מאָטקע איז געווען אָנגעוויזן אַפן בלויזן קעלער. אָבער באַלד איז פרילינג געוואָרן. די זון האט גענומען אַריינקומען אין קעלער אַריין, געשטעלט זיך אַף די טרעפלעך און אַריינגעקוקט מיט איר שיין אין שטיבל אַריין. אין קעלער האט מען זיך אָנגעהויבן צו ריכטן אַף פייסעך. זלאַטקע האָט אָנגעהויבן אַרויסשטעלן פון קעלער באַלעבאַטישקייט אין גאַס אַריין, אָפּשאַיערן און אָפריייניקן אַף פייסעך. צוזאַמען מיט די אַלטע שטוב-זאַכן פון קעלער האט אויך מאָטקע געוואַגט אַף אַלע פיר צום ערשטן מאָל זיך ארויסרוטשן פון קעלער אַרויס. ער איז אַף די טרעפלעך אַרויף און אַרויסגעקוקט אין גאַס אַריין.

אַ פּאָר מינוט איז ער נאָך געשטאַנען אַף די טרעפלעך, די זון האט אים געוואַרעמט, און אים איז גוט געווען.

ער האט געקוקט מיט אומצוטרוי אין געסל אַריין, און מוירע געהאַט אַרויסצוקריכן. צווישן דעם קעלער און געסל איז געווען אַ ברייטער רינשטאָק, וואס מע האט אים געדאַרפט איבערשפרינגען, איבערגייענדיק אַפן ברוק פון געסל.

מאָטקע האט איניקע מאָל געפרואווט איבערצוקריכן דעם רינשטאק און האט ניט געקאָנט. ער האט געקוקט מיט זיינע אויגן און געוואַרט, אַז עמעצער זאל קומען און העלפן אים איבערשפרינגען די שוועל פון קעלער, און עס איז טאַקע געווען זיין שוועסטערל, זיין דערציערן הינדעלע, וועלכע האָט אים צום ערשטן מאל געהאָלפן אַריבערגיין דעם רינשטאָק, וואס ליגט פאַר דער שוועל פון זיין לעבן... זי האט אים באַם הענטל אָנגענומען און געבראַכט אים אין געסל אַריין.

אין געסל האבן זיך געשפילט קליינע קינדער. ווייבער האבן געוואַשן, געריייניקט די טישן מיט די בענק און דאס ווייסע געהילץ אַף פייסעך. אין פיל שטיבער האט מען גע-

ווייסט אַף יאָנטעוו, און דאס באַלעבאַטישקייט מיט די קינדערלעך זיינען געווען אַפן גאַס. ער איז געקראָכן צווישן די אָנגעשטעלטע זאַכן, צווישן די קינדער, אָפטמאל האט מען אים אָנגעטראָטן, אַ שראַנק איז שיר ניט ארויפגעפאַלן אַף אים. ער איז אומעטום געווען. ער האָט זיך געפּלאָנטערט צווישן די פיס און אומעטום דאס נעזל אַריינגעשטעלט.

באַלד דערזעט ער אפן שוועל פאר אַ הויז זיצט אַ קליין מיידעלע און האַלט אַ טעלערל אין האַנט און עסט געשמאַק די קליסקעלעך מיט מילך פון טעלערל אַרויס.

מאָטקען האט עס אָנגעשמעקט. ער האט זיך אַף פיר צוגערוקט צו דער שוועל, אַף וועלכער דאס מיידעלע איז געזעסן.

אַ מינוט האט ער נאך נאכגעקלערט און געקוקט מיט קינע אַף דעס מיידעלע, וואס עסט די קליסקעלעך. באַלד אָבער רוקט ער זיך אַליין צו צום טעלערל און שטעקט אַריין דאס נעזל און הויבט אָן מיטצולעקן פון טעלערל, ווי אַ הינטל.

דאס מיידל קוקט אים צוערשט אָן פאַרוואונדערט, פאַרשטייט ניט וואס ער טוט, באַלד פאַלט זי אַרויס אין אַ גרויס געוויין, די מוטער קומט אַרויס פון שטיבל און דער-זעט, ווי מאָטקע לעקט זיך רואיק פון איר קינדס טעלערל אַרויס, און איר קינד זיצט מיט דעם לעפל אין האַנט און וויינט.

פאַלט זי אַרויס מיט אַ געשריי:

— ווער איז דאס? וועמעס איז דאס? אַוועק פון דאַנען!

מאָטקע לאָזט זיך ניט אָפּשרעקן פון געשרייען, און לאזט ניט פריער אָפּ דאס טע-לערל ביז די אידענע רייסט עס ניט אַרויס מיט גוואַלד.

— אַ בייזע נאַכט אַף מיינע סאָנימס קעפּ! וועמעס איז דאס?

— עס איז דאך זלאַטקעס, דער אינגסטער, — זאָגט אַן אַנדער אידענע, וואס איז אַף די גוואַלדן פון שטיבל אַרויסגעקומען.

— אַוועק פון דאַנען! — שאַרט אים די אידענע אָפּ.

מאָטקע האט זיך אַוועקגערוקט פון דער שוועל.

די זון האט געשיינט אין געסל, ס'איז וואַרעם און גוט געווען, האָט ער געפּרואווט ווייטער זיך רוטשן אַף אַלע פיר.

אַף אַ צווייטער שוועל האט ער אָנגעטראָפן קליינע קינדער, פון זיין גרויס, זיצן צווישן אַרויסגעשטעלטע זאַכן, בעטגעוואַנט און האַלטן בייגל מיט פּוטער אין דער האַנט. איינס פון זיי, גאָר אַ יונגס, לאָזט אַרויס דעם בייגל פון דער האַנט און וויינט.

קיינער פאַרנעמט ניט דעם קינדס וויינען.

אַ מינוט איז מאָטקע ווידער געשטאַנען און אָנגעקוקט מיט פאַרוואונדערונג די קינ-דער, דערנאך האט ער גאַנץ רואיק דעם בייגל אויפגעהויבן פון דער ערד און האט אָנגעהויבן עסן.

אַז דאס וויינענדיקע קינד האט דערזען, אַז מאָטקע עסט זיין בייגל, איז עס אַרויס מיט אַזאַ ליאַרעם, מיט אַזאַ געשריי, אַז מע האט געמיינט, עס ברענט.

אַף דער שוועל האט זיך באַלד געוויזן דעם קינדס מאמע. מאָטקע האט אָבער דאס מאָל אָנגעטראָפן אַף שפּרינצעלע די נייטערקע. דאס איז אַ אידענע מיט אַ געשליפן מיילעכל, און אַז עס געשעט אַן אַוולע, דערהערט מען עס שוין אין געסל. זי האט אָנגענומען מאטקען באַם הענטל און צוריק געבראַכט אין קעלער און אָנגעהויבן צו שרייען, וואַרפנדיק מאָטקען אין קעלער אַריין:

— האַלט אייך אים דארט! אַרויסגעשיקט אַ מאַמזער אין גאַס אַריין, קינדער צו באַ-פאַלן אין מיטן העלן טאג.

זלאַטקע האט אַרויסגענומען מאטקען פון שפּרינצעס הענט.

— וואס שרייט זי אַזוי אַפן קינד? נאַ זע, דאס קינד ציטערט דאך אינגאַנצן, וואס האט ער געטאן אַזעלכעס? — און האט אים אַוועקגעזעצט אין א ווינקל נעבן זיך.

נאר קוים איז דורכגעגאנגען אַ פאר מינוט און די מאַמע איז געווען פאַרנומען, איז שוין מאטקע ווידער געווען אַף אַלע פיר אין געסל.

ער האט דערשמעקט וואו זיין כעיונע איז. פון דעמאלט אן זוכט מאטקע זיין פאַר-נאָסע אין געסל. אַלעס איז אָנגעשטאַנען פאַר אים. וואס ער האט געפונען, דאס האט ער געגומען. זיך אַריינגעגליטשט אין אָפענע טירן, געפונען עסן אַפן טיש — אָפּגעגעסן, דער-זען אַ קינד אין געסל מיט אַ בייגל — אַוועקגעכאַפּט און אויפגעגעסן. איז געשטאַנען אַ אידענע מיט אַ קויש עפל אין גאס — צוגערוקט זיך צום קויש און אַרויסגעגעסן.

ניט איין כאַרפע איז זלאטקע אויסגעשטאנען צוליב אים, ניט איין אידענע האט אים געבראַכט צוריק צעשלעפּן באַ די אויערן אין קעלער אַריין.

## מאָטקע גייט אין כיידער

עס איז געווען אַ קאלטער גרויער ווינטער-פרימאָרגן אין קעלער. דער פראסט, וואס האט פאַרקאָוועט די פענסטערלעך פון קעלער איבערן גאַנצן ווינטער, האט זיך אַריבערגע-צויגן פון טיר און שויב אַף די ווענט אַרויף און אָנגעהויבן צו באַפּוצן די ווענט פון קעלער מיט זיינע קאַלטע שניי-בלומען.

אין אַזאַ פרימאָרגן איז באַשטימט געוואָרן מאטקעס גורל. דער בלינדער לייב האט זיך דערמאַנט, אַז ס'איז צייט צו זאָרגן וועגן אַ טאַכלעס פאַר דעם יונג, און אָפּגעבן אים אין כיידער אַריין. די מאַמע האט אויסגעזוכט דעם בלינדן לייבס אַן אַלטע וועסט און האט מאטקען דערמיט אויסגעצירט. זי האט אים אָנגעטאָן אירע שאַבעסדיקע קאַמאַשן, וואס זי האט זיך געהאַט געקויפט פאַר יאָנטעוו. זי האט געוואלט אַריינגעבן מאָטקען כיישעק אין כיידער צו גיין. די שכיינע, פייגעלע די אויבס-הענדלערן, האט אים געגעבן די שענ-סטע צוויי עפל פון איר קאָרב אַרויס. הינדעלע, די שוועסטערל, איז געלאָפן אין געוועלבל אַריין און געבראַכט פאַר מאָטקען צוויי גריסגעלעך מיט מאָן און קאפער באַשיט. דער אַלטער רעב מייער האט אים דאס נייע סידערל מיט די גרויסע אויסיעס געשענקט, וואס ער האט נארוואס געקויפט, מיט די מיידעלעך צו לערנען. מאטקע האט צוגענומען די צוויי עפעלעך, ער האט ציגענומען די גריסגעלעך, ער האט צוגענומען דאס סידערל און אין כיידער אַריין גיין האט ער ניט געוואלט. ער האט זיך פעסט אָנגעהאַלטן באַ דער מאַמעס שירץ, געגעסן די עפעלעך און ניט גערירט זיך פון אָרט.

דער בלינדער לייב האט גענומען מאָטקען אַפן פּליצע און איז אַרויס מיט אים אין גאַס, און געבראכט אים צעשלעפּן אין טאַלמוד טוירע אַריין. מאטקע אַ צעיושעטער מיט די גריסגעלעך און עפל אין די הענט שטייט און קוקט אָן דעם רעבן, ווי ער האלט אַ קאַנ-טשיק אין האַנט און דרייט זיך אויף און אָפּ איבערן שטוב, וואו די קינדערלעך זיצן אויסגעזוצט אַף דער נידעריקער באַנק אַרום די ווענט.

— רעבע לעבן, רעבע קרוין, לערנט מיין אינגל אויס דאַוונען, — בעט זיך זלאטקע באַ דעם רעבן.

דער רעבע האט אויסגעצויגן זיין לאנגן האַלז פון די קרומע פּלייצעס אַרויס, ווי אַ שלאַנג און אַ בויג אַריבער זיך געגעבן מיט דעם גאַנצן קערפּער איבער מאָטקען און מיט די פינקלענדיקע, גרינע אויגן, וואס זיינען געזעסן אין בלייכן, בלוט-אָרימען געזיכט, אָנגע-קוקט מאָטקען:

— אָט דאס איז דאָס באָכערל, וואס וויל ניט אין כיידער אַריין גיין? קום נאָר אַהער דו, אינגעלע,—נעמט ער אָן מיט די צוויי דאַרע פינגער מאָטקעלעס בעקעלע און גיט אים אַ קניפּ, אַזש טרערן שטעלן זיך אין די אויגן,—דו ווייסט, וואס מע טוט מיט אַ אינגעלע. וואָס וויל ניט גיין אין כיידער? אָט אַזוי טוט מען מיט אַזאַ אינגעלע — ווייזט ער מיטן קאַנטשיק אין דער האַנט.

מאָטקע האָט זיך אין ערשטן אויגנבליק דערשראָקן פאַרן רעבן און האָט שטיל געשוויגן.

— איך בין אַן אָרעמע אידענע, איך קאָן אייך ניט פיל צאָלן. צוויי גילדן אַ כוידעש. איך וועל אָפּשפּאָרן דעם ביסן פון מויל, נאָר לערנט אים אויס, אַז ער זאָל קאָנען פון סידער לייענען, — זאָגט די אידענע מיט טרערן.

— לאָזט אים נאר איבער באַ מיר, לאָזט נאר איבער באַ מיר, וועט ער שוין גיין,— זאָגט דער רעבע און נעמט אָן מאָטקען און גיט אים אַ זעץ אַוועק אַפן בענקל נעבן זיך און אַ מיש אויף אַ סידער, אין וועלכן די אויסיעס זיינען געווען פאַרפלעקט און אויסגעוויקט פון קינדערשע טרערן.

— נאַ, קוק אַריין, אינגעלע; וואָס איז דאס? זאָג, אינגעלע: „אַן אַלעף“, זאָג „אַן אַלעף“.

מאָטקע האט ניט אַריינגעקוקט אין סידער, ער האט געקוקט אַף דער מאמען. דערזען, אז די מאַמע גייט אַרויס פון טיר איז ער שוין געווען מיט א פיסל אונטערן באנק.

— אי, ביסט דאך מיר גאר אַ שייגעץ, — זאגט דער רעבע און גיט ווידער אַ נעם אן מאָטקען באַם בעקל מיט דינע ביינערדיקע צוויי פינגער. און דעם רעבנס גרינע אויגן פון בלייכן אָנבלוטיקן פּאָנים געבן אַ בליץ, ווי באַ אַ קאַץ.

און איידער מאָטקע האט נאך צייט אַרומצוקוקן זיך, ליגט ער שוין איבערן בענקל מיטן הינטן אַרויף, און די לאָקשן פון קאַנטשיק טאַנצן אַרום איבער מאָטקעס נאַקעטן געזעסל, ווי פייערדיקע צינגלעך איבער אַ ווייך אויסגעקנעטן ברעטל און דער רעבע זינגט צו מיט אַ ניגן אין טאַקט:—אָט אַזוי, קינדערלעך, טוט מען צו אַ אינגל, וואס וויל ניט גיין אין כיידער אַריין.

די פינף-זעקס יאָריקע קינדערלעך זיינען געזעסן אַף די ברעטלעך אַרום די ווענט. דערשראָקענע, מיט אומרואיקע אויגעלעך האָבן זיי זיך צוגעקוקט צום רעבנס מעקאַיעם פסאַק זיין. טייל האָבן זיך געשראָקן און אָנגעהויבן וויינען, נאָר אַף מערסטנס פון זיי האָט דאָס שוין ניט געמאַכט קיין איינדרוק: זיי זיינען געווען צוגעוואוינט דערצו. האָבן זיי זיך ווייטער רואיק געגעסן די בייגל מיט גריסקעס, אָדער זיך געשפּילט מיט די מיידלעך אין שטיינדעלעך, נאָכזאָגנדיק אויס געוואוינהייט דעם רעבן פון סידער אַרויס: „אַן אַלעף“, „אַ בייס“.

מאָטקע האָט דאָס מאָל ניט געוויינט. אַזוי ווי דער רעבע האָט אים אָפּגעלאָזט און אַוועקגעזעצט צווישן די קינדער, איז ער געבליבן זיצן שטיל און געשוויגן. אַ קינד האָט געפּרואווט עפּעסריידן צו אים האָט ער אים געגעבן אַ שטופּ אָפּ מיטן עלנבויגן און ווייטער געקוקט מיט זיינע גלאַנצנדיקע צוויי אויגעלעך צו דער טיר.

און אַזוי ווי דער רעבע האָט זיך נאָר אַוועקגעזעצט צום טיש מיט אַן אנדער קינד באַם סידער, איז שוין מאָטקע געווען בא דער טיר, א פראַל אויף און מיט אַראָפּגעלאָזענע הויזלעך און רויט-פלאַמענדיקן אָפּגעשמיסן געזעסל איז ער געלאָפן איבערן מאַרק פון כיידער אַהיים.

אַז זלאַטקע האָט אים דערזען אין קעלער, ווי ער איז אַהיים געלאָפן פון כיידער, האָט זי געמיינט, אַז די ערד עפנט זיך אונטער אירע פיס. זי האָט געוואָלט צו צום יונג אים מיימעסן, נאָר אַז זי האָט דערזען זיינע צוויי אויגן, ווי ער קוקט טאמעוואַטע מיט א באַקאָשע, איז איר האַרץ צעשניטן געוואָרן. האָט זי געשוויגן, נאָר די טרערן האָבן זי געשטיקט. האָט זי אים ארומגענומען, געשלאָגן אים און געקושט אים און געזאָגט מיט א שווער האַרץ: מיין קינד, מיין שלעכט קינד, וואָס וועט פון דיר ווערן!

און אין אָוונט, אַז דער בלינדער לייב האָט דעם פּאַסעק פון די הויזן אַראָפּגענומען דעם יונג צו שלאָגן, האָט זי אים שוין פאַרשטעלט מיט איר לייב, פאַר אים צוגענומען די קלעפּ און געבעטן זיך: לייב, ער איז דאָך נאָך אַ קינד. ס'איז קאַלט אין דרויסן. לאָז אים נאָך ביז זומער אין שטוב.

## מאָטקע און „בורעק”

מאָטקע איז אויסגעוואַקסן דורך דעם יאָר און אַליין שוין זיין שטיקל ברויט אַף זיך פאַרדינט.

אָנגעהויבן האָט ער פון דעם, וואָס ער האָט געהאָלפן דער מאַמען דעם קאָרב אין די שטיבער אַרומטראָגן. מיטגעאַנגען מיט דער מאַמען אין מאַרק אַריין, געקראָכן אַף די פויערשע פורן און געהאלפן דער מאַמען זיך דינגען מיט די פויערים.

דער מאַרק איז פאַרכאַפּט געווען פון גוואַלדן פון פאַרשיידנארטיקע אויפעס, וואָס פויערים האָבן געבראַכט פון די דערפער אין שטאָט אַריין. פעטע הינדלעך מיט געבונדענע פיס זיינען געשפּרונגען איבער די פויערשע פורן, פעדערן זיינען אַרומגעפלויגן.

אין מיטן מאַרק איז זעליקל דער דאָרפס-איד מיט בושקע זיין מויד באַ א באליע לעבעדיקע פיש געזעסן. וואָס אַמאָל, זיינען נייע וועגן אין מאַרק אָנגעקומען מיט פרישע אויבס, קאַטשקעס, הינער, גענז, פויערים מיט קעלבלעך, פויערים מיט זעקלעך קאַרטאָפל, פויערטעס מיט פוטער און אייער, קעז און מילך. דער גאַנצער מאַרק איז פאַרכאַפּט געוואָרן פון דעם רייעך, וואָס די פרוכטן האָבן אַרויסגעגעבן.

מאָטקע איז מיט דער מאַמען איבערן מאַרק אַרומגעגאַנגען. איז ער ארויף אַף א פור און געזען קליינע הינדעלעך. האָט ער דער מאַמען צוגערופן. די גאָיע האָט געשריען, ער זאָל די הינדעלעך ניט רירן. און מאטקע לייגט שוין די הינדעלעך אין דער מאַמעס שויס אַריין. און די מאַמע שטעקט דער גאיע געלט אין האַנט און דינגט זיך מיט איר.

דא אַפן מאַרק האָט ער זיך אַ כאַווער געפונען — דאָס איז געווען דעם קאטארינאזשס הונט.

אַפן מאַרק האָט זיך אַרומגעדרייט אַף יעדן יאריד נאטע קאטארינאַזש מיט דער קאַטערינקע. אויפגעשטעלט די קאַטערינקע אין מיטן מאַרק, האָט ער צוזאַמען גערופן מיטן שפילן די פויערים, און דער בלויער פויגל אין שטייג האט פאַר פינף קאפקעס אַרויסגעצויגן מיטן פיסק פון א שיפלאד א „לאז”, אַף וואָס עס איז געשטאַנען אויפגעשריבן אַלצדינג, וואָס עס וועט זיך מיט דעם מענטשן טרעפן אין זיין גאנצן לעבן. טיילמאָל האָט נאטע מיטגעבראַכט מיט זיך די מיידעלע, וואָס גייט אָנגעטאָן אין א פאָר קארטן-הויזן און דרייט זיך אין א ראָד. מאטקען זיינען די שטיק אַזוי געפעלן, אַז יעדעס מאָל, ווען ער האָט דערזען נאטעס קאַטערינקע מיט דעם בלויען פויגל און דער מיידעלע מיט די רייף, האט ער איבערגעלאזן די מאַמע מיט די קוישן און נאכגעלאפן דער קאטערינקע. נאר אמערסטן האט אים פאַרינטערעסירט דער הונט „בורעק”, וואס נאטע האט נאכגעפירט נאך דער קאַטערינקע. דאס איז געווען א ווייס געשארענער פודל מיט געקרייזלטע האר, ווי באַ א שעפּס. נאטע האט אים אפגעשארן ווי א לייב. אַ גאלן הינטן, באם קאנט פון עק א טראלט האר. ער האט זיך באַקענט מיטן הונט טאקע אפן מאַרק, וואו ער איז אמאָל אן אויסגעדארטער מיט א שמוציק קליידל און מיטן טעצל אין פיסק אַרומגעגאנגען אַף די הינטערשטע צוויי פיס און געשנארעט באַ די פויערים קליין-געלט. מאטקע האט אים דערזען אין אַזאַ ניטהינטישער פאזע און האט אַף אים גרויס ראַכמאנעס געקראגן. מאטקע איז אים נאכגעגאַנגען ביז צום קאַטערינאַזשס שטוב, געקומען און דערזען, ווי נאטע בינדט אים אן באַ דער קייט אין דער בודקע. ער האט געוואלט צוגיין צו אים — האט דער הונט אף אים געבולן. דאס איז אים געפעלן, און ער האט זיך אנגעהויבן מיט אים כאַווערן, געבראכט אים אלצדינג, וואס ער האט אַליין געקראגן: זעמל, ברויט. ער האט אמאל אַ האלב פונט פיטער אראפגעגאנוועט פון א פאכטערס א קארב און געבראכט עס „בורעקן”. מיט דער צייט איז „בורעק” מיט אים גוטפריינט געווארן. מאטקע פלעגט אים אפט באזוכן אין זיין בודקע, אוועקזעצן זיך נעבן אים, נעמען אים אף די הענט און שפילן מיט אים.

# מאַטקע לערנט א מעלאכע

אין א צייט ארום האט זיך דער בלינדער לייב ווייטער דערמאנט אין זיין זון, אז מע דארף פון אים מאכן א לייט. געשען איז עס ניט פון זיך, נאר דערמאנט האט אים אן זיינע פליכטן אלס פאטער, דער עלטסטער פון דער כעוורע שוסטער, בעריש כוואט. וואס אמאל האט נאך בא אים דער בלינדער לייב אליין געלערנט זיין מעלאכע.

— וואס וועט פון דיין יונג דער סאף זיין? דו לאזט אים ארומלויפן פוסט און פאס. ער וועט דאך אויסוואקסן א גאנעוו.

— וואס טוט מען מיט אים, רעב בעריש? אז דער יונג וויל ניט אין כיידער גיין.

— גיב אים צו א באלמעלאכע, ווי דער טאטע דיינער האט דיך אפגעגעבן. איך געדענק, ווען דער אלטער דיינער, זעליק דער פורמאן, האט דיך געבראכט צו מיר א זונטיק אינדערפרי. אוי, ביסטו געווען א כעוורעמאן, האסטו ניט געוואלט די דראטווע דרייען.

— האט איר מיטן רימען ארונטערגעלאזט, אז איך האב נאך צו געדענקן ביז היינטיקן טאָג, — לאכט דער בלינדער מיט דעם לעבעדיקן אויג און מיט דעם טויטן אויג.

— ברענג אים צו מיר. אזוי ווי איך האב פונם טאטן געמאכט א לייט, אזוי וועל איך פון דעם זון, מיט גאטס הילף.

— אף ווי לאנג? — פרעגט לייב.

— אזוי לאנג ווי דו ביסט געווען. ווי אלט איז ער איצט, דער יונג, ניין יאר? ער וועט זיין בא מיר, ביז ער וועט אלט ווערן צוועלף—דרייצן יאר, ביז ער וועט זיך גוט די מעלאכע אויסלערנען. איך וועל אים געבן צו עסן, א נאכטלעגער, א קאפאטע מאכן אף יאנטעוו. דערנאך, אז ער וועט זיך אויסלערנען די מעלאכע, וועל איך אים צאלן דאס ערשטע יאר פינף רובל, דערנאך וועט ער קריגן גאנצע צען: דו ווייסט דאך, אז מיר האלטן א פרעמד קינד גוט, קענסט דאך מיין אלטע: אייגענע האט זי ניט, אבער צו פרעמדע קינדער איז זי, ווי א מוטער.

— יא איך געדענק דאבעשע די מייסטערן. איך געדענק אירע קנייפן גוט. שטיקער פלייש האט זי פון די הענט ארויסגענומען, הינטער דער טיר האט זי ארויסגעשטעלט אין דער קעלט און וואסערדיקן בארשטש צו זופן געגעבן. אוי, רעב בעריש, האט איר א אידענע.

— נו, געטן וועל איך מיך מיט איר ניט צוליב א לערן-אינגל — האט דער אלטער רעב בעריש געלאכט, — געקנייפט האט זי דיך, עמעס, אבער קיין מענטש ביסטו נאך אלק ניט געווארן. נו, קום צו סארע-כאנעלען אין שענקל אריין וועלן מיר דארט דאס איבעריקע אפריידן.

בא סארע-כאנעלען, וואו מע האט געקאנט קריגן א געהיים גלעזל בראנפן מיט הייִמישע קיכלעך און הערינג צו פארבייסן, האט דער בלינדער לייב פארקויפט זיין זון אף גאנצע זעקס יאר צו „דאבעשע דער מייסטערין" אין די הענט אריין. ער האט גענומען א רובל האנט-געלט אפן ערשטן זמאן, ווען דער יונג וועט אין זעקס יאר ארום אנהויבן געלט קריגן. באם גלעזל האט דער אלטער בעריש געטאינעט:

— נאר ער זאל מיר ניט אַנטלויפן און הערן דעם מייסטער און די מייסטערן. אַגאַנג גיין, וואו מע דאַרף. זאג אים אן, דו הערסט?

— האט ניט קיין מוירע, רעב בעריש, ער וועט שוין ניט אַנטלויפן. איך וועל אים שוין באַ די אויערן צוריק ברענגען.

צו מארגנס אינדערפרי איז געווען אַ שיינער רייפער זומער-טאג, די טעג פאַר ראש-האשאנע, ווען די עפל און די באַרן זיינען רייף אַף די בוימער און בעטן זיך נאר, מע זאל זיי אפפליקן און אויפעסן. אין אַזאַ טאג האט לייב גענומען מאטקען און געפירט אים באַ דער האַנט צו בעריש דעם שוסטער אַף „די לער". ער האט אים אַריינגעבראַכט אין

דעם ענגן פאַרויכערטן שטיבל, אין וועלכן בעריש שוסטער האט געוואוינט. די פענסטער זיינען געווען פאַרהאַקט, ווארום דאבשע די מייסטערן האט געליטן אַף אַן אויער און האט מוירע געהאַט פאַר אַ „צוג”, און ניט געלאזט עפענען אַ פענסטערל איבערן גאַנצן זומער. אין שטוב האט זיך שטאַרק געשפּירט דער רייעך פון פאַרפוילטע לעדער, וואס האט ער-געץ וואו אין די ווינקעלעך פון דעם שטיבל געשימלט זייט יארן, צייט בעריש איז אַ שוסטער.

די מייסטערן איז ניט געווען. בעריש, אַרומגערינגלט מיט אַ דריי-פיר געזעלן און לערן-אינגלעך, איז געזעסן איינגעהויקערט אַרום דעם קליינעם טישל און געקלאַפּט אַ זויל אַפן שטיין.

— דא איז ער, דער באכער מיינער—זאגט לייב.

דער אַלטער רעב בעריש האט אויפגעהויבן זיינע געדיכטע הויכע ברעמען, אַרויפגע-רוקט די ברילן (אין וועלכע די גלעזלעך זיינען געווען צעשפאלטן), געווארפן אַפן יונג אַן אויג און האט גערופן אין אַ ווינקל אַריין.

— דאבשע, דאבשע, קום נאר אַרויף. אַ נייער לערן-אינגל.

באַלד איז פון הינטער אַ בעט אַרויסגעקומען עפּעס אַ הויכעס, אַ דאַרעס, איבערגעהאנגען מיט שמאטעס, טיכער, פאטשיילעס, ווי אין די גרעסטע פרעסט. איבערן פאנים האט דאט געהאט פארבונדן א פאטשיילע מיט צוויי שפיצן פונם קניפּ אפן קאפּ אזוי, אז דאס באשעפעניש האט אויסגעזען ווי א מעכאשייפע. דאס טיכל איבער די אויערן איז שוין געווען טונקל-גרוי און פון דעם זעלבן קאליר, ווי דאס פאנים. דאס איז געווען דאבשע די מייסטערן.

זי האט א מינוט געשוויגן, ארויסגעקוקט מיט צוויי גרויע אויסגעלאשענע אויגן, ווי בא א טויט פערד, ארויסגעשטעקט א שפּיץ צינגל אף די פארדארטע, פארצויגענע ליפּן, וועל-כע זיינען באדעקט געווען מיט שטויב, ווי די אלע זאכן, וואס זיינען געווען אנגע-שטעלט אין שטוב.

עס האט געדויערט א לאנגע ווײַלע, ביז עס האט זיך דערהערט א שטים. און געדאכט האט זיך, אז עס קומט ניט פון דער אידענע, נאר פון ערגעץ א הוילע פאס אַרויס:

— וועמענס איז דאס?—האט זי פאַרקייעט מיט אַ הוסטל.

— עס איז לייבס.—האט דער מייסטער געווארפן מיט דער האַנט אַפן בלינדן לייב.

זי האט זיך אומגעדרייט צו לייבן און אים אנגעקוקט אַ ווײַלע. דערנאך האט זי געזאגט.

— זיין אַ לייב. ווי דער טאַטע זיינער.—האט געגעבן אַ מאַך מיטן קאפּ, ווי אַ ציג און אַ שאקל-צו מיט דער האַנט און איז אוועקגעגאנגען אין איר ווינקל אַריין.

— איך לאז אייך אים דאָ איבער, רעב בעריש, איר זאלט זיין צו אים ווי אַ טאַ-טע. איר מעגט טאן מיט אים וואס איר ווילט; שלאגן אים, אז ער וועט ניט פאלגן. איר גיט אים עסן, מעגט איר אים שלאגן.—הערסט?—האט ער געזאגט צום יונג—זאלסט הארכן דעם מייסטער און דער מייסטערן, אַז ניט וועל איך דיך טויטן, דו הערסט?

מאטקע האט געשוויגן און דער טאטע איז אַוועקגעגאַנגען.

בעריש האט אים געהייסן זיך זעצן און געגעבן אים אַ שנור מיט אַ שטיק וואַקס, ער זאל דרייען אַ דראַטווע.

מאטקע האט עס גענומען אין האַנט, ניט געוואוסט וואס צו טאן דערמיט. האט ער זיך געשפילט מיטן פאדעם און מיט גרויסע אויגן אַרומגעקוקט זיך אין שטיבל: דערזען די צוויי הויכע בעטן, וואס שלינגען איין דאס גאנצע שטיבל, אנגעלייגט מיט בעטגעוואַנט ביז אין האַלבן באַלקן, געקוקט אַף די פאַרשטויבטע בילדלעך, וואס הענגען פאַר די בעטן, אַף די פאליצעס, וואס זיינען אנגעלייגט מיט כאלעוועס, אַלטע שטיוול, שטיבלעטן און שטיקער לעדער. ער האט זיך אַרומגעקוקט טשיקאַווע אין דער נייער היים, וואס אַהער האט מען אים

אַריינגעגעבן אַף גאַנצע זעקס יאר, געקוקט אף זיינע כאַוויירים, די צוויי אינגלעך מיט דעם גרעזלען, אַן אַלטן גוי, וועלכע האָקן פאַדעשוועס. באַ די בענקלעך ווייקט זיך לעדער אין וואַסער, און דאס גיט פון זיך אַ רייעך. ער האט געקוקט אַף די פענסטערלעך ווי זיי זיינען פאַרקאוועט אין שפינוועבס און באַלייגט מיט מאָסן, מיט פאָרמעס און שנורן און פון דרויסן קריכט די זון און גאַנוועט זיך אין פענסטערל, און וויל אין שטיבל אַריין און דאס שפינוועבס לאזט ניט.

באַלד האט ער דערפילט אַ שטופ אין אַ זייט.

ער קוקט זיך אום: נעבן אים איז אויסגעוואַקסן די מייסטערן, ווי אַ שווארץ גע-שטאַלט, און פון אירע פיס איז אַרויסגעקראכן אַ שווארצער קאטער מיט גלאנצנדיקע אויגן און באַלעקט זיך מיטן רויטן צינגל.

— נא, ברענג וואַסער—האט זי אים געשטופט די קאַן אין האַנט אַריין.

מאטקע האט זיך דערפרייט. ער האט געכאַפּט די קאן. געגאַנגען צום פלומפּל, גע-בראַכט אַ קאַן מיט וואַסער. די מייסטערן האט אים געוויזן דאס טונדל, ער האט אנגע-גאסן, ווידער געלאפן און עס האט ניט געדויערט קיין צוויי מינוט איז ער שוין צו-ריק געווען.

ווידער האט ער זיך אַוועקגעזעצט, געדרייט די דראַטווע, וואס ער האט ניט געקאנט האלטן אין דער האַנט צוליב דעם שטיקל וואַקס. האט ער זיך ווידער אומגעקוקט אין שטיבל. איצט האט אים פאַרינטערעסירט דער שוואַרצער קאטער, וואס איז אנגעבונדן מיט אַ לאַנג שטריקל באַם בעט און דרייט זיך צווישן די פיס פון דער מייסטערן. וואו זי גייט, גייט ער מיט און עס דאַכט זיך מאטקען, אז די מייסטערן מיט דעם קאטער זיינען צו-נויפגעוואַקסן און עס קאַן שוין ניט איינס אָן צווייטן זיין.

באַלד דערפילט ער ווידער אַ שטופ אין אַ זייט.

— נאַ, צעהאַק מיר האלץ!—האט זי אים געגעבן דאס האַק-מעסער אין דער האַנט.

דערנאָך האט ער זיך ווידער אוועקגעזעצט אַפן קליינעם בענקל און ווידער גע-צויגן דעם שנור דורך דעם וואקס.

די מייסטערן האט געמאכט פייער, אַוועקגעזעצט זיך אין שווארצן ווינקל באַם קיכל און אַיינגעשלאפן. דער קאטער איז ארויפגעקראכן אף איר שויס און איז אויך אַיינגע-שלאָפן.

אין דער שטוב הערט זיך דאס רעגלמעסיקע קלאַפּן פון העמערל אף דער זויל; דער מייסטער זיצט איבער א שטיוול, אלע זיצן איינגעבויגן און פארטאן אין דער ארבעט. דער זייגער קלאַפּט טיק-טאַק. און באַלד איז מאטקען דאס גאנצע שטיבל מיט דעם מייסטער, מיט דער מייסטערן און מיט דעם קאָטער אזוי פארמיעסט און לאנגווייליק גע-וואָרן, אז ער האט געוואלט ארויסלויפן, ער האט געקוקט אפן פענסטערל און דערזען ווי די זון קריכט פון דרויסן אפן צווייטן-זייט פענסטערל און וויל זיך אַריינקריגן אין שטיבל אריין און קאן ניט. איז אים עפעס אומעטיק געוואָרן. ער האט זיך געוואָלט אויפהויבן און ארויסלויפן דורך דער טיר. נאר ער האט עפעס אן אינערלעכע איימע געהאט; האט ער זיך אַיינגעהאלטן. ער האט שוין אבער ניט געקאנט אַיינזיצן, געווארפן זיך אפן בענקל, ניט געוואלט מער דרייען די דראטווע אין וואקס.

די מייסטערן האָט זיך דערוויילל אויפגעכאַפּט אינאיינעם מיטן קאָטער, און אַרומגע-קוקט זיך פארוואונדערט אין שטוב אינאיינעם מיטן קאטער, און באַלעקט זיך מיטן צינגל. פלוצלינג האט זי זיך אן עפעס דערמאנט. צוגעגאנגען צו א קאמאד, ארויסגענומען קליין-געלט און געגעבן מאטקען, ער זאָל ברענגען פון געוועלבל א ברויט מיט צוויי הערינג.

מאָטקע האט גענומען דאָס געלט אין האנט אריין און איז ארויס אין גאַס. ער האט געוואוסט, אז צוריקומען וועט ער שוין ניט. דאס געלט האט אים געבריט אין דער האַנט. ער האט זיך פאר גדולע לויפן געלאָזט. ער איז אָנגעקומען אין מאַרק און

דערפילט דעם רייאַך פון די עפל און די פרישע באַרן, און עס איז אים גוט געווען. ער איז אדורכגעגאנגען די בעקעריי, האט אים אנגעשמעקט די פריש געבאַקענע ברויטלעך און זעמל, איז ער אריינגעגאנגען און אָנגעקויפט זיך פולע קעשענעס מיט זעמל און אנגעהויבן באַלד צו עסן. פון דערווייטנס האָט ער דערזען ווי פייגעלע זיצט איינגעמויערט ארום אירע קוישן, טונען און זעק מיט אויבסן אין מיטן מארק. אז ער איז צו צו איר און ארויסגעכאַפּט פון דער מולטער עטלעכע באַרן.

אז פייגעלע האט אים דערזען, האט זי זיך די הענט געבראכן און א גוואַלד גע-מאַכט:

— וואָס טוסטו דאָ אין מאַרק אין מיטן העלן טאָג? ביזט אַנטלאפן פון מייסטער? דער טאַטע דיינער וועט דאָך דיך מיימעסן.

מאָטקע האָט דערפילט אז ער דאַרף זיך באַהאַלטן. ער האָט זיך אפגעטראגן פון מאַרק, אריין אין אַ שמאָל געסל. דערנאָך האט ער זיך אָן עפּעס דערמאָנט, איז אריבער א פלויט און איז אַריין אין הויף צו נאָטע קאטארינאזש און צוגעקראכן אף אלע פיר אין דער בודקע פון דעם הונט „בורעק". דאָרט האָט ער זיך אַוועקגעלייגט און אַיינגעקאָר-טשעט.

דער הונט האָט אים דערפילט, באַשמעקט, באַלעקט די הענט און דאָס פּאָנים. מאָטקע האָט ארויסגענומען די איבערגעבליבענע זעמל, וואָס ער האָט אין די קעשענעס געהאט, און געטיילט זיך מיטן הונט.

דער הונט האָט געקייט א האַלבע זעמל, ער די אנדערע העלפט. ער האָט געוואוסט איצט, אז מע זוכט אים ארום. דער טאַטע, דער מייסטער, די מייסטערן דרייען זיך ארום אין מאַרק מיט שטעקנס, מיט רימענס און זוכן אים. עס האט אים ניט באַנג גע-טאָן, ער האט ניט מוירע געהאט פאר די קלעפּ, נאר דאָס הארץ האט אין אים גע-שלאָגן, און די אויגן האָבן באַ אים געגלאַנצט. ער האט זיך באַהאלטן אונטער דעם בויך פון הונט און ארויסגעקוקט מיט די געניייוועשע אויגן פון דער בודקע אין הויף אריין— אבער זיי קומען ניט נאָך אים.

אַזוי איז ער אפּגעלעגן א גאַנצן טאָג, ביז עס איז שפּעט געוואָרן. באנאַכט איז עס געוואָרן קאַלט. ער האָט זיך צוגעקאָרטשעט צום הונט. דער הונט האָט אים פארדעקט און געוואַרעמט מיט זיין בויך און באַלעקט אים מיט דעם צונג.

## די שטראָף

צו מאָרגנס באַגינען, ווען מאָטקע האָט געהאַלטן אין מיטן בעסטן שלאָף, האָט ער דערפילט, ווי פייערדיקע, ריטער שפּרינגען ארום איבער זיין פּאָנים, איבער זיינע אויגן, אויערן און הענט. ער האָט זיך אויפגעכאַפּט און דערזען (ווי ווייט ער האָט געקאָנט), אז דער פאָטער שטייט איבער אים מיט א באַטעק אין דער האַנט און שלאָגט אים. דער יונג האָט ניט געוויינט, ניט געשריען. דער פאָטער האָט אים ארויסגעצויגן באַ די אוי-ערן אין גאָס אַרויס און געשלאָגן, שלעפּנדיק אים איבער דער גאַס:

— צום מייסטער, גיי, צום מייסטער!

מענטשן אין גאַס האָבן געזען, ווי דער בלינדער לייב שלעפּט דעם יונג איבער דער גאַס. האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט אף א מינוט, וויפל זיי האָבן צייט געהאַט, צוגע-שאלטן און לייבן מוט צוגעגעבן:

— דאָס איז גוט... ביסט אַ טאַטע, זיי א טאַטע, לערן אַ קינד.

דער מייסטער בעריש כוואט מיט דער מאַיסטערן דאָבשע און דער עלטערער געזעל העניך פיקניק מיט די דריי לערן-אינגלעך האבן שוין מאָטקען אָפּגעוואַרט מעקאַבל פּאָנים צו זיין, ווען דער פאָטער האָט אים אין געווערקשטעל אַריינגעשליידערט.

— רעב בעריש, טוט מיט דעם יונג, וואס איר ווילט. איר גיט אים עסן, האָט איר

רעכט צו שלאָגן. איר זיינט אים אַ טאַטע אזוי ווי איך. אייער געלט צוגענומען, אייער ברויט אויפגעגעסן, שלאָגט אים.

— איך וועל אים שוין שלאָגן. איך וועל אים שוין לערנען פון אַ מייסטער צו אַנטלויפן, געלט צוצונעמען—זאָגט דער אלטער בעריש, וועלכער איז רויט געוואָרן ווי אַ בוריק פון קאַעס, דערזעענדיק דעם יונג, ער האָט פאַרביסן די אויבערשטע געשפּאַלטענע ליפּ און איז אַרויפגעקראָכן אף א בענקל זוכן עפּעס אף אן אַלטער פאַרשטויבטער פּאָ-ליצע.

— וואו האָסטו אים געפּאַקט?—פרעגט דער אַלטער בעריש, אראפּנעמענדיק פון פּאָ-ליצע א כאַזער-רימען, וואָס ער האָט באַנוצט צו שלאגן זיינע לערן-אינגלעך.—דאָבשע, גיב מיר נאָר אַ ביסל עסיק, גיב מיר נאָר א ביסל עסיק דעם רימען צו באַשמירן: ער ברעכט זיך שוין,— זאגט דער אַלטער גלייכגילטיק, ברעכנדיק דעם רימען.

— ער איז דאָך נאָך אהיים געקומען שלאָפן אין קעלער אריין. און מיין ווייב האָט אים נאָך אַרויסגעשטעלט אין הויז אַריין א טעפּל קאַרטאָפּלעס מיט ברויט.

— אַלץ איז די מוטער שולדיק: זי האָט דאָך אים קאַליע געמאַכט. זי נעמט זיך דאָך אָן פאַר אים, לאָזט אים נאָך אין קעלער אריין, גיט אים נאָך צו עסן,— זאָל ער ניט אויפוואַקסן אַ גאַנעוו?—זאָגט דאָבשע פון דעם צוגעבונדענעם פּאָנים אַרויס, ווי פון א הוילער פּאַס, און גיסט זיך אן אף דער האַנט עסיק און שמירט אַדורך דעם כאזער-רי-מען מיטן עסיק.

דערווייל איז מאָטקע געלעגן אַ געבונדענער אין מיטן שטוב און אויסגעהערט דאָס געשפּרעך, וואָס מע פירט איבער אים. די לערן-אינגלעך מיט בלייכע צעשראָקענע פּעני-מער האָבן געקוקט אף אים מיט ראַכמאָנעס און טשיקאַווע. דער קאָטער איז צוגעקראכן צו אים, באַקוקט אים, ווי דאָבשע די מאַיסטערן, באַלעקט אים מיטן רויטן צינגל און איז אַוועקגעגאַנגען. באַלד האָט ער דערפילט ווי דער כאַזער-רימען האָט זיך אַיינגעשניטן מיט דער גאַנצער קראַפט אין זיין לייב אַריין. דאָס מאָל האָט מאָטקע ניט געשוויגן. דערזעען דעם אַלטן פרעמדן איד, וואָס שטייט מיטן רויטן פּאָנים און שלאָגט אים מיטן רימען, דערזעען די מייסטערן, וועלכע באַלעקט זיך מיטן צינגל, און די דערשראקענע לערן-אינ-גלעך, וועלכע קוקן אף אים מיט גלאנצנדיקע אויגעלעך, האָט זיך אין מאָטקען דערוועקט צוריק די קראַפט. ער האָט זיך געגעבן א וואָרף און זיך געגעבן א לאָז אריין אין אַ באַנטש טעלער פון נעכטיקן ניט-געוואַשענעם געפעס, וואָס איז געשטאַנען אין אַ ווינקל שטוב,—א קלימפּער, די טעלער צעבראכן.

דאָבשע האָט זיך אויפגעכאַפּט מיט א גוואַלד, אין דעם מאַיסטער האָט זיך נאָך מער צעבערענט דער קאַעס. ער האָט געגעבן אַ וואונק צום געזעלן, צו די לערן-אינגלעך און מע האָט מאָטקען געגעבן א כאַפּ. די לערן-אינגלעך האָבן זיך ארויפגעזעצט אף די פיס, דער געזעל האָט געהאַלטן די הענט, דאָבשע האָט צוגעדריקט דעם קאָפּ צו דער פּאַדלאָגע און דער אַלטער האָט די הויזן אַראָפּגעריסן, און דער כאַזער-רימען איז אַרומגעשפּרונגען, ווי א פייערדיקע שפּיז איבערן נאַקעטן לייב...

פלוצים האָט זיך די טיר געגעבן א פּראַל אויף און זלאַטע איז אריין מיט אַ גוואַלד.

— גאַזלאָנים, וואָס ווילט איר פון אים? און זי האָט זיך אינגאַנצן, אזוי גרויס ווי זי איז געווען, געגעבן א צי-אויס אפן יונג, פאַרשטעלנדיק אים מיט זיך.

— נאַט, אַז די מאַמע אליין לערנט אים אַזוי צו זיין—שרייט אויס דער אַלטער בע-ריש,—גיט מיר צוריק מיין רובל מיט דעם, וואָס דער יונג האָט אויפגעפרעסן, און נעמט אים אַייך צוריק. איך וויל אים ניט האָבן!

— זלאַטקע, טרעט אָפּ, זלאַטקע, וואָרום איך מאַך דיר א טויט—טופּעט מיט די פיס דער בלינדער לייב.

זלאטקע האָט זיך דערשראקן און איז אפגעטראָטן פון יונג.

— דאָס האַרץ ווערט דאָך מיר צעריסן, אז איך זע, ווי זיי קאַטעווען דעם יונג. זיי וועלן דאָך אים אַ טויט מאַכן,—זאָגט זלאַטקע אין טרערן.

—רעב בעריש, קוקט ניט אַף איר, טוט מיט אים, וואָס איר ווילט: קאַטעוועט אים, מאַכט אים אַ טויט. איר גיט אים צו עסן, איר לערנט אים אַ מעלאָכע, מעגט איר.

— ניין, לייב, נעם אים צוריק, איך וויל ניט האָבן מער מיט אים צו טאן. גיב מיר צוריק דעם רובל, וואָס איך האב דיר געגעבן האנטגעלט, און די פּאָר גראָשן, וואָס דער יונג האט פאַרטאכלעוועט.

— זעסט, וואָס דו האסט אָנגעמאַכט, זלאַטקע, איך וועל דיך טויטן מיטן יונג צוזאַמען. בעט רעב בערישן, אַז ער זאָל אים צונעמען, איצט בעט פאר דיין מאַמזער, בעט.

— איך בין איר מויכל, זאָל זי זיך האַלטן איר סכוירע, אַז זי שטעלט זיך איין פאַר אים, — האָט דער אלטער בעריש געזאָגט, אוועקלייגנדיק דעם רימען.

— מיר וועלן קריגן אזעלכע סכוירעס—באַלעקט זיך דאָבשע.

— געהערט?

— זעסט, האָט דער בלינדער לייב אָנגעקוקט זלאַטקען.

זלאַטקע האָט טאַקע איינגעזען איר נאַרישקייט.

זי האָט זיך פארשעמט פאַר זיך, זי האָט ניט געוואוסט וואס צו טאָן. איז זי צום סאָף צוגעפאַלן מיט ביידע הענט אף מאָטקעס קאָפּ און אָנגעהויבן זיי צו שלאָגן:

— וואָס דו טוסט מיר אָן, דו שלעכט קינד.

— אַזוי רעדט איר ווי א מוטער—זאָגט דער אלטער רעב בעריש, אָפּווישנדיק די פייכטע ליפּן פון שוים, וואס אים איז געקומען אף די וואָנצן פון קאַעס.

נאר זלאַטקע האָט שוין מער ניט געהערט. זי האָט געכאַפּט דאָס טוך און איז אנטלאָפן, וואו די אויגן האָבן זי געטראָגן.

נאָך דעם האָט האָט בעריש אים שוין ניט געשלאָגן.

דער געזעל מיט די דריי לערנאינגלעך האָט אָנגענומען מאָטקען און אַראָפּגעטראָגן אים אין קעלער אַריין, אַנידערגעלייגט אים אף דער פינסטערער ערד און פאַרמאַכט דעם קעלער מיט דער ברעט.

אַ לאַנגע צייט איז מאַטקע געלעגן אף דער פייכטער ערד און האָט ניט געוואוסט צי ער שלאָפט, צי ער איז וואך. ער האָט געפילט א ווייטיק אין אַלע גלידער און עס האט זיך אים געדאַכט, אַז די הענט און די פיס זיינען אים דורכגעבראכן און ער וועט שוין גארניט קאָנען טאָן. פון דעם שלאָגן און רייסן זיך האָבן זיך אים אויפגעלעזט די שטריק, מיט וועלכע עס זיינען געווען געבונדן די הענט מיט די פיס. נאָך אַ לאַנגער ווייל האָט ער געפּרואווט מיטן גאַנצן קערפּער אראפּצורוקן די שטריק פון זיינע הענט. דאס איז אים געלונגען.

פלוצים האָט מאָטקע באַמערקט דאָס קליינע פענסטערל, וואָס באַם געוועלב פון קעלער. עס איז אים עפּעס איינגעפאַלן. נאר ער האָט נאָך ניט געפילט קיין קויעך דאס אויסצעפירן. ביסלעכווייז האָט זיך דער קויעך און די ענערגיע געזאַמלט באַ אים. ער האָט זיך שטיל אויפגעהויבן, צוגעקראכן אף אלע פיר, צוגערוקט צום פענסטערל דעם זאַק מיט קארטאָפלעס, ארויפגעקראכן אף די קארטאָפלעס און געפּרואווט ארויסשטעקן דעם קאפּ. ס'איז געגאנגען. ווייטער האָט ער ניט געקאנט: עס האט געשטערט דאס דראטענע שטאכעטל. מאָטקע האָט זיך אנגעלייגט דערויף מיט ביידע הענט, אונטערגערוקט דעם קערפּער און האט זיך איינגעקוועטשט אין דעם לעכל פון פענסטער. ער האָט ניט געפילט קיין ווייטיק, קיין דריקעניש, נאָר מיטן גאַנצן קויעך אריינגעשטעקט דאס קערפּערל און געקראכן דורכן לאך. ער האט זיך ארויסגעגליטשט און איז געבליבן ליגן מיטן קאָפּ אין רינשטאק.

אז ער איז ארויסגעקומען אַף דער פרייער לופט האָט ער זיך אומגעקוקט אויב קיי-נער זעט ניט, אויסגעזוכט א שארפן דרייקאַנטיקן שטיין, אונטערגעקראָכן אַף אַלע פיר אונטער בעריש כוואַט׳ס פענסטערל און מיט וואָס קויעך ער האט געהאט געגעבן אים אַ לאָז אריין אין די שויבן.

עס האָט געגעבן א קלימפער פון גלאָז, פון אינעווייניק האט זיך געהערט א געשריי; נאָר מאָטקע איז שוין ניט געווען. ער איז שוין ארונטער אונטער א פלויט.

פון דארטן האט ער זיך אדורכגעלאָזט דורך א פינסטערן קארידאר אין א הויף אריין. דערזעען אין הויף א קופע מיט ברעטער, האט ער זיך געגעבן א לאז אַרונטער אונ-טער די ברעטער און איז געלעגן.

ער האָט געהערט ווי מע לויפט אין הויף. ער האָט דערקענט דעם מייסטערס שטימע. דעם געזעלנס, די לערנאינגלעכ׳ס. ער איז געלעגן אין אַ לאָך אונטער די ברע-טער. אמאָל זיינען זיי שוין גאנץ נאָענט געווען נעבן אים. זיי האבן אבער אים ניט גע-זען. אזוי איז ער אפגעלגן ביז פאַרנאכט.

אז עס איז נאַכט ג׳וואָרן, איז אים קאַלט געוואָרן און ער איז געווען הונגעריק.

ער האָט געקלערט וואוהין צו גיין. דערמאָנט זיך אן זיין פריינט בורעק דעם הונט, איז ער ארויס פארזיכטיק פון אונטער די ברעטער, אַוועק דורך הינטער-גאסן, אויסמיידנ-דיק מענטשן. פלוצים האָט זיך איבערן וועג, וואָס פירט דורכן ארבעטער געסל, גע-וויזן א הויכע, לאַנגע בויד מיט פענסטערלעך און א קוימען ווי א גרויסע שטוב, איינגע-שפאנט צו צוויי כאַיעס, וואָס זיינען ניט געווען ניט קיין פערד און ניט קיין עזלען הינטערן בויד זיינען נאָכגעגאנגען אן עזעלע, א הונט און א ציג אנגעבונדן צו דער בויד.

פון די פענסטער האָט ארויסגעקוקט א מיידל. א הויכער יונג מיט אַ באַטעק אין דער האנט איז נאָכגעגאנגען נאָך דער בויד. ערגעץ וואו פון אינעווייניק האט מען געהערט בעמבעלעך און א פויגל פישטשען.

אַז די קינדער פון געסל האָבן דערזען די בויד פון די קאָמעדיאַנטן מיט דעם עזעלע און דער ציג, האָבן זיי געמאַכט אזעלכע גוואלדן פון פרייד, אז זיי האבן דאס געסל פאַרהילכט, און זיינען נאכגעלאפן נאָך דער בויד.

מאָטקע האט זיך שטארק דערפרייט מיט די קאָמעדיאנטן און מיט דעם פויגל, וואָס איז געזעסן אין שטייג.

ער איז נאָכגעלאָפן נאך דער בויד א שטיק וועג אין וואלד׳ אריין. די איבעריקע קינדער זיינען שוין אָפגעשטאנען, צוריקגעגאנגען, אים גערופן:

— מאָטקע, מאָטקע, קער זיך אום, עס ווערט פינסטער.

מאָטקע האָט אבער ניט געקלערט פון צוריק קערן זיך.

די בויד איז געפאָרן און מאָטקע איז ווי א הונט נאכגעלאפן, ניט ווי סנדיק וואוהין עס פאַרפירט אים.

מ. ראָזנפעלד

# צו אַ באָרוועס מיידעלע

עס האָט אי געשנייט, אי געדעגנט,
און גייענדיק שנעל דורכן גאַס,
אַ מיידעלע האָב איך באַגעגנט,
האַלב נאַקעט און באָרוועס און נאַס.

זי האָט מיט די נאקעטע פיסלעך
געפּאַטשט דעם פאַרגאָסענעם ברוק,
און עפּעס אזוי ווי פאַרדריסלעך
געשיינט האָט איר קינדערשער קוק.

קליין מיידעלע, זאָג מיר וואו גייסטו,
דורך רעגן, דורך שניי און דורך קעלט?
אָ, זאָג מיר, מיין קינד, כאָטש פאַרשטייסטו
ווי איבעריק דו ביסט דער וועלט?

דער וועלט, וועלכע לאָזט דיך דאָ זוכן
אַ לעבן דורך עלנד און לייד,
און וויל דיינע פיס ניט באַשוכן,
ניט האַלטן דיין גוף אין אַ קלייד?

ווי ווייט איך פאַרשטיי, איז מיסטאַמע
פון לאַנג שוין, און ניט נאָר פון היינט,
די נאַקעטע גאַס נאָר דיין מאַמע,
די שטיינער פון ברוק דיינע פריינט.

דיין באָרוועסקייט, קינד, דיינע טרערן,
דיין גיין און ניט וויסן אַ וואו
דערציילן מיר, וואָס עס קאָן ווערן
פון קינדער, אַזעלכע ווי דו...

דערפאַר ווערט דאָס האַרץ מיר צעריסן,
דערפאַר הויב איך אויף אַ געשריי,
דערפאַר נאָר,—מוז יעדערער וויסן
דיר העלפן און שטילן דיין וויי.



אָן אַ היים. מ. שעסטיארקין

לידיאַ סייפולין

# רעכטברעכער

מע האט אים געכאַפּט אַפן וואָקזאַל. ער האט צענויפגעקויפט שפייז בײַ די הענדלע-רינס. צו אַרעסטן געוואוינט געווען, — האט ער עס באַגעגנט אויפגעלייגט. צום גרויען מענטשן מיטן ביקס אונטערגעוואונקען און אַ כּרעג געטאָן:

— וואוהין וועסטו מיך פירן, כאַוער, אין רעטעטשעקאַ אָדער אין גובטשעקאַ?

יענער האט אַזש אויסגעשפּיגן:

— אָט אַ דורכגעטריבענער! ווייזט אויס, שוין אַלץ דורכגעמאַכט.

מע האט אים געפירט אין אָרטעטשעקאַ; דערנאָך אין גובטשעקאַ. אין קאָמענדאַטור פון גובטשעקאַ איז ער רואיק אַפן דיל געזעסן און געוואַרט זיי, ריי. אַפן פאַרהער געענטפערט גערן און לוסטיק:

— ווי רופט מען?

— גריגאָרי איוואַנאָוויטש פעסקאָוו.

— פון וועלכער גובערניע? — האט מיט איבל און ניט דייטלעך געפרעגט דער קאָ-מענדאַנט.

— פון וויַיט. מאָל דיר, כ'וואָלט שוין דעם וועג איצט אַהין ניט געפונען. איוואַ-נאָוואָ-וואָזנעסענסקער.

— ווי זשע קומסטו אין סיביר?

— אויך מיר סיביר! כ'בין שוין געווען א טראָפּעלע ווייטער אויך.

אָפּגעזאָגט און שטאָלץ באקוקט אלעמען.

— אָבער ס'ארא רואַך האט דיך געבראַכט אַהער פון איוואַנאָוואָ-וואָזנעסענסק?

סאָליד פאַריכט:

— ניט קיין רואַך, דער צוג.

אַפן צוזאַמענדיקן געלעכטער פון די סאָלדאטן און דעם מענטשן, וואס האט עפּעס געקראַצט מיט דער פּען אף פּאַפּיר, האט ער געענטפערט נאָר מיט אַ סאָלידן שפּיי אַפן דיל:

— מיטן צוג, כאַווער, געבראַכט. מעריקאַנער. פּיטערער, קינדער מיט לערער אף קעסט אַהער געבראכט. רויטער קרייץ זייערער, מאשמאָעס. ניט מיין זאַך. בעקיצער, מעריקאנער. לענין, מיסטאַם, האָט זיי באַצאָלט פאַר אונז: צערט זיי, הייסט עס, אונטער. נו, און דא נאַ דיר קאָלטשאק. ווער ס'איז ווייטער אוועקגעפאָרן, ווער ס'איז געשטאָרבן, איך בין דאָ. אין א יעסוימים-הויז אַריינגעפאַלן. און געמאַכט די פליטע אין דאָרף.

— וואס האסטו דארט געטאן?

— באם גאַלעך געאַרבעט. דו קוק ניט, וואס איך בין אַזאַ דאַרינקער, אף אַרבעט בין איך, ברודער, א מאידים!

— נו, און אַלס פרייוויליקער באַ קאָלטשאַקן האסטו געדינט?

— געדינט. נאר אַנטלאָפן.

ווי זשע קומסטו זיין אַ פרייוויליקער?

— אַז די רויטע זיינען געקומען, זיינען אלע אַנטלאָפן. בין איך אויך מיט זיי געלאָפן. נו, און אַז קיינער דארף מיך ניט, בין איך אַלס פרייוויליקער אַוועק.

— וואס זשע ביסטו פון די רויטע געלאפן, האסט מוירע געהאט פאר זיי, צי וואס?

— נו, מוירע געהאַט... וואס פארא שרעק? אין בין אליין פון דער רויטער פארטיי, נאר אלע זיינען געלאָפן, בין איך אויך געלאָפן.

די סאלדאטן האבן ווידער אַמאָל אויסגעשאָסן א געלעכטער. דער קאָמענדאנט האט אף זיי אָנגעשריען און באַפוילן:

— באַזוכן.

פונקט אזוי גערן זיך געלאזט באזוכן. געוואוינשאפטלעך אויפגעהויבן די הענט אין דער הויך. לוסטיק האבן געגלאנצט אפן געלן, קינדערשן געזיכט גרויסע, גרויע אויגן. פונקט, ווי שפּיזלעך זוניקע האבן זיי אלץ באהעלט. דאס מאָגערע צעקנייטשטע פענימל, דעם ליי-זיקן, צעשויבערטן קאפּ מיט האָר, ווי שמוציקע שטרוי. באם אינגל האט מען אָפּגענומען אַ גרויסע סומע געלט, אַ יאָרצייט-קאַמייעלע מיט באַזילבערטע דעקלעך, אַ פונט טיי און עטלעכע אַרשין מאנופאקטור אין פלייצע-זעקל.

— די געלט וואו האסטו אנגעקליבן?

— וועלכע געגאנוועט, וועלכע פון האנדל געמאכט.

— מיט וואס זשע האסטו געהאנדלט?

— מיט סיגארעטלעך, מיט פאַפּיראָסן און אמאל גאר וואס צוגעלאַטכנט—איז דערמיט.

— אָט א יאָלד! — האט זיך געוואונדערט דער קאָמענדאנט — טאטע-מאמע דיינע וואו זיינען?

— דאס טאטל אין טייטשער מילכאָמע געהאַרגעט, דאס מאמל אַנדערע קינדער אָנגעהאט. און מיט איר נייעם און מיט די קינדער ערגעץ נאָך ברויט אַוועק און מיך אין מעריקאַנישן צוג פארשטעקט.

און ווידער—מיט לויטערן שיין פון די אויגן דעם קאמענדאנטס פארלאשענעם בליק באגעגנט. יענער האט געשאקלט מיטן קאפּ. געוואלט זאגן: „פאַרפאַלענער". נאר ליכט פון גרישקעס אויגן האט אפגעהאלטן. האט ער אַ שמייכל געטאן און דעם גיידער זיך געקראַצט.

— איז וואס האסטו געטאן בא קאלטשאקן?

— גאָרניט. זיך פארשריבן און אנטלאָפן.

— ביסטו גאָר פון דער רויטער פאַרטיי?—האט זיך דער קאָמענדאנט דערמאָנט.

— רויטער, דערלויבט פייער.

— קלעפּ ביסטו ווערט פאַר רויכערן. נאַ, פאַרויכער! ווי אלט ביסטו?

— דאס פערצנטע געוואָרן נאך גריגארי דעם הייליקן.

— הייליקע קענסטו? און דאס יארצייטל אף וואס טויג עס דיר?

— דאס טאטע,ע פאַרשריבן דארט. ט׳זיך דערוויסן דערפון אפן הימל. אים גרינגער זיין. דאס מאמל האט פאַרגעסן. און גרישקא געדענקט.

— און מיינסט טאקע אפן הימל?

— וואו דען? די נעשאָמע דאַרף דאך ערגעץ פלאָנטערן. פונם גוף פונם מענטשישן דאך אַרויס.

דער קאמענדאנט האט זיך ווידער פאַרוואָלקנט.

— נו, געגוג! מע וועט דיך מוזן פאַרהאַלטן.

— אין אָסטראָג? מאַכטייסע. קעסט זיינען בא אייך אביסל ניט אַזוי געהויבן... נאר מיילע. וועלן זיצן. צום ווידערזעען.

---

פון טפיסע האט אים אין קורצן אַרויסגערופן די קאָמיסיע איבער איניאָנים פון מינ-דעריעריקע. אין קאמיסיע האַט אים אויסגעוויזן ערגער, ווי אין גובטשעקא. דארט איז גע-ווען פריילעכע כעוורע. מע האט געלאכט. און דא האבן אלע אף אים נאר ראַכמאָנעס געהאט, און דער דאקטאר האט לאנג געמאַטערט.

— און צו וואס פלייסט זיך דאס אזוי א מענטש?—האט זיך גרישקע געוואונדערט—און דעם קאָפּ אויסגעמאָסטן און די פינגער. אדער עפשער אים פאַרגלייכט מיט עמיצן? מע זוכט, אַפּאָנים, איינעם מיט אזא קאפּ...

דערווייל איז אין צימער ,אריין א געגאָלטער, לאנג-נאזיקער, מיט דינע ליפּן, פאַר-שוין. אפן קאפ פאַרשפּיצטן אין דער הויך — א קעפּי אַן אָנגערוקטע איבער די אויגן. גע-טראָטן הארט. פונקט, ווי ער וואלט מיט יעדן טראָט די ערד איינגעדריקט. און שיך — ווי לאַפּעס כאַיעשע, אויסגעטראטענע. ווי ער איז נאר אריין, זיך אף א שטול א זעץ געטאן. דעם שטול אויך אין דיל איינגעדריקט.

— צען פון אָטאָ די שלעפּער וועל איך בא אייך נעמען. צען קאן איך.

— אָט איז אויסגעצייכנט, כאווער מארטינאוו, — האט זיך איינער פון דער קאמיסיע אָנגערופן — מיר וועלן פאר אייך באלד אפקלייבן. דאָ זיינען פאראן אזעלכע, וואס זייערע איניאָנים זיינען שוין דורכגעקוקט.

— איך וועל אליין אפקלייבן. איך האב זיך מיין אַנקעטע.

און צו די קינדער מיטן שטול זיך אויסגעדרייט. אף א ווייסברעמענדיקן הויכוואוקסיקן אינגל מיטן בליק זיך אָנגעשטעלט:

— היי, דו, ווייסלדיקער! גאַנוועגען קאנסטו גוט?

יענער האט זיך פארויטלט און צערודערט:

— מיך האט מען פאר אומזיסט פארנומען. דאס האט פעדקא פּיטאקאוו צוגעגאַנ-וועט,—און איך...

— לייגן קאנסטו גוט. און שלאגן זיך האסטו ליב? מיט די יאָדאַאים אדער מיט א מעסער?

— ניין, איך שלאג זיך ניט.

— שלאגסט זיך ניט? טיפּעש.—און וואס ביסטו עפּעס אזוי פאַרגרינט?

דאס איז צו גרישקען.

גרישקע האָט אַ קוק געטאָן, ווי ער דרייט זיך אַפן שטול און שקראַבעט גיך-גיך די הענט איינע אָן די אַנדערע, און האָט זיך צעלאַכט. האָט זיך דערמאָנט:

— אַ מאַלפּע אַזאַ, אַן אומרואיקע האָט ער אַמאָל אין אַ כאַיעס-גאָרטן געזען. ענ-לעך. די הענט אַזעלכע לאַנגע, און מיט דער מאָרדע רייבט ער זיך פונקט אַזוי.

— וואָס איז דער געלעכטער? וואָס איז באַ דיר די פאַציארע אַזאַ גרינע?

גרישקע האָט מיט דער נאָז אַ שמאָרע געטאָן און אָפּגעענטפערט:

— מע קאָן גרין ווערן. בין דאָ, ניט געגעסן, ניט געטרונקען, פון אינדערפרי אָן!

— ניט געוואוינט דען ניט צו עסן?

– געוואוינסט זיך צו, געוואוינסט זיך צו, און דער בויך נאָגט אַלץ.

— פון אסטראָג, צי וואָס, געלאָפן?

– וואָס פאַר אן אסטראג, איך בין אַ מינדעריעריקער. פון מאָנאַסטיר געלאָפן.

— נו, געמאַכט. מיט מיר פאָרסטו.

— וואוהין?

— וועסט שוין שפעטער זען.

— וועט לאַנגווייליק זיין—אַנטלויף איך. קיינע שאָמרים וועלן ניט העלפן,—האָט מיט אַ בייזער האָזע גרישקע געוואָרפן.

— באַ אונז זיינען קיין וועכטער ניטאָ. לויף. און וועסטו אַ טויגעניכטס זיין, וועלן מיר דיך אַליין אַרויסטרייבן. קיין שמאַטעס באַדאַרפן מיר ניט. דעם נעם איך.

און אַנדערע קינדער מיט אַ געלעכטערל אָנגעהויבן אויספרעגן. שטילע און ליבינקע האָט ער ניט געגומען. דריי מיידעלעך, זעקס אינגלעך און דאָס סקריפענדיקע באַשקירל האָט ער אָפּגעקליבן.

— אין דריי טעג אַרום קומט אַפן וואקזאַל, און מאָרגן וואַרט דאָ אַף מיר. פאַרן לייב אַ צודעקעכטס וועלן מיר געפינען.

— דאַרף מען דאָך זיי וואו ס׳ניט איז דערווייל איינאָרדענען אַף די טעג, כ׳ מאַר-טינאָוו. מע קאָן דאָך זיי אָן אויפזיכט ניט לאָזן.

— זיי וועלן זיך דאָך אַלע צעלויפן באַ אייך.

— וועלן זיי אַנטלויפן, וועלן זיי בלייבן די נאַראָנים. וועלן זיי ווידער אין מאָנאַס-טיר אַריינפאַלן. שרייבט אַ רעשימע. קינדער, איך קום באַלד נאָך אייך, איך גיי וועגן פראָ-וויאַנט אַ בוידעק טאָן.

אי, גייען האָט ער גרישקען איבערן קאָפּ מיט דער האַנט א שמיר געטאָן און איז אַוועק. גרישקען איז עפּעס אַף דער נעשאָמע פריידיק געוואָרן. די לאנגע האַנט איז זיך צערטלדיק איבערן קאָפּ דורכגעפאָרן. און גרישקע האָט אַ טראַכט געטאָן:

— ס׳מאַכט ניט אויס, דער עמעסער מאַן!

קיין איינער פון די צען איז ניט אַנטלאָפן. ניט דריי טעג—אַ וואָך אַ גאנצע האבן זיי אפּגעלעבט מיט מארטינאוון אין זיין קליינעם צימערל אונטער די זיפצן פון דער באַ-לעבאסטע. נאר די זיפצן האבן זיי געהערט נאר דעם ערשטן טאג, פארנאכט, ווען זיי זיי-נען געקומען. אין די איבעריקע טעג פלעגן זיי שפעט צוריקקערן, גאַנצע טעג האט זיי מארטינאוו איבער אלע עקן שטאט געטריבן נאך פאַרשיידענע קאבאלעס. אין איין ארט געפעס באַקומען, אין צווייטן—מאַנופאקטור, און דריטן—גרויפּן. דערנאך האט מען אין אַ פראכט-וואגאן קאסטנס מיט גלעזער געלאדן. מיט ניקאלאי דעם שמייסער נאך בעהיימעס געפארן. פון אומעטום האט מארטינאוו, ווי א באלעבאס א יוסטער, אין קאלאניע געשלעפּט. צו אלע לאגערן, וואס פאר אנדערע זיינען זיי פארשלאסן, האט ער א שטעגעלע געפונען. באם פארזיצער פון גובטשעקא, א מענטש וועלכער איז געוועזן פון אויבן באשטימט אַף פארבעסערן די לאגע פון די קינדער, האט ער פון קאבינעט דעם וואנט-זייגער פאר דער קאלאניע אראפּגעשלעפט. גייענדיק פלעגט ער אלץ אזוי די הענט רייבן, איבער אלע-מען אונטערגעכויזעקט. אף די קינדער אונטערגעשריען:

— היי, איר שמאַט-ע-קלייבער. וואס ט׳איר די בייכער פאנאנדערגעלאזן? שניידט, טוט, טראגט וואסער! מע דארף די פי אנטרינקען.

גרישקע האט אפּגעלעבט. דעריקער—ס׳איז פריילעך.

---

דער גאנצער וועג איז געווען פאר גרישקען, ווי דער ערשטער, וואונדערלעכער כאלעם. אי׳ צוויי פראכט-וואגאנעס איז מען געפארן. דארע בעהיימעס און פערד צוזאמען

מיט זיך געפירט. אַף די סטאַנציעס האָבן זיי פון זיי געריייניקט. וואַסער געטראָגן. ברייט צעשטעלנדיק די פיס, האָט מאַרטינאָוו וואַסער געפּאָמפּעט. אַף די קינדער אונטערגעשריען. ווען דער צוג איז געגאַנגען, מיט די קינדער וועגן זיי גופּע גערעדט. ער האָט ניט אויס- געפרעגט, זיי האָבן איבערשלאָגנדיק איינע די אַנדערע אים וועגן זיך אַלץ אויס- דערציילט.

אין די ברייט געעפנטע טירן פון וואַגאָן האָט זיך דער פרייער דופּטיקער סטעפּ- ווינט אַריינגעריסן און שטורעמדיקע פרייד מיט זיך געבראַכט. גרישקע האָט מיט געשרייען, קוויטשערייען, שפרונגען—די היספּאַילעס זיינע צום סטעפּ געשיקט. דאָס טראָגט זיך צוליב אים אָט דער צוג. צוליב אים רעוועט דער לאָקאָמאָטיוו. דעם ערשטן מאָל אַזוי דערפילט: אַלץ איז גרישקעס, אַלץ פאַר אים! האָט ער געשריען אין דער אָפענער טיר אַריין מיט דער גאַנצער קראַפט פון זיינע לונגען.

— או הו—הו—הו—הו!..

---

אַ גרויסע אזיערע. אז דו גייסט אַרויס צו איר פון וואלד, ווערט עס דיר ברייט און ראַכוועסדיק. די ברעגן האבן אין בערג זיך אויפגעטראסקעט. און בערג הויכע, וואלדיקע דראען מיט וואלקנס. נאר די אזיערע פרעסן זיי ניט. אין באַרגיקן קאָס וויגט זי זיך אַ פרייע און ריינע. און דער וואלד פרייט זיך מיט דער אזיערע. בערעזעלעך בוקן זיך. סאס- נעס שיקן זייער סמאלעדיקן גערוך. אין וואלד שטייען זומער-וואוינונגען באהאלטן. און פון צווישן זיי האבן זיך אייניקע נאענט צום ברעג ארויסגעסטארטשעט. אַף איבערבערגיקן שיפוי פיינען זיך אויס זומער-הייזער. פון דארף און אנדערע זומער-הייזער אוועק, מיטן פלייצע זיך אויסגעדרייט צו זיי, מיטן פאנים צו דער אזיערע—א קינדער-קאלאניע.

א פריילעכער ברעג איז בא די קאלאניסטן. באם האפן וויגן זיך פיר שיפלעך. בע- סער פאר אלע איז דאס ווייסע פארוס-שיפל. „דיאנא". פון צוויי הויכע שטעקנס רופט ליילעך ווייסער מיט העלן אויפשריפט:

— דורך ארבעט און וויסן איז די סטיכיע באזיגט.

גרישקע האט ליב געהאט דעם אויפשריפט. ווען ער פלעגט אַפן שיפל צום האפן צו- ריקערן, פלעגט ער שטענדיק הויך לייענען:

— „די סטיכיע באַזיגט". א—אט!

אַ ווערטל דאס איז. סטיכיע. דו קאנסט דאס אפילע ניט פארטייטשן, נאר אז דו דערהערסט עס,—גלוסט זיך דיר א גיבער ווערן. סטיכיע! די אזיערע—איז אויך א סטיכיע. דעריבער רוישט זי אזוי.

און אפן פעלד, ווי אַ וואלד-כאיע, נאר אן אַ פעל, דער נאקעט-פוסיקער מארטינאוו, אויך אין קורצע הויזן, ווי די קינדער, און אין אַ שיטער געשטריקטן העמד ביזן גארטל. געטראטן—און די שטיינער אין פעלז אריינגעדריקט. פון דער ווייטן נאך געטרובעט:

— היי איר! זיך דורכגעשווענקט? צייט אנדערע וועקן. פלינקער.

גרישקע איז דער ערשטער אין קיך געקומען צופליען. היינט דעזשורעט גרישקעס קאמפאניע. אכט מענטשן. פיר מיידלעך לייגן איצט אף דער טעראסע פאנאנדער ברויט. אך, ווען דאס זיין היינט א מיטאג! נעכטן האט מען זיך צונויפגערעדט מאנע-קאשע אף אַ נייעם שטייגער קאכן. מיט קירבעס. כעוורע פלעגן אליין קאכן. אליין דעם מיטאג צו- טראכטן. יעדער קאמפאניע האט יעדן טאג די צווייטע געוואלט אריבערשטייגן, ווער וועט בעסער אָנהאדעווען. ברויט באקן האט מען זיך נאך ניט אויסגעלערנט. א בעקערין געווען. דאס איבעריקע—אלץ אליין. האלץ,—אן, א גאנצן בארג אף א טאג אנגעגרייט! נעכטן פאר- נאכט נאך אנגעהאקט. גרישקע האט ווארילעריש און גיך געהאקט. מארטינאוו האט עס דערזען, האט א צורע געמאכט. און די הענט געריבן;

— אהא. פעסקאוו—כני!

אַ גאנצן אוונט האט גרישקע מיטן לויב-ווארט זיך געפרייט.

נו, באלד איז אלץ פארטיק. מילך, געקאכט וואסער, ברויט האבן די מיידלעך צעשטעלט.

און זינגענדיק, נאר הערשעריש האט פארצויגן דער הארן:

— טו-רו-רו-טו-רו-רו-טורו.

דער ברעג איז גיך באשאטן געווארן. פארשיידנשטימיקע, פארשיידנקעפיקע, בלוי-אויגיקע, שווארץ-אויגיקע, אלערליי, זיי האבן זיך געוואשן, געשווענקט, געווארפן. די אינג-לעך האבן געאקקעט געאוכעט אף זייער באד-ארט. באם האפן האבן זיך די מיידלעך גע-באדן. זיי האבן דין געקוויטשעט, שניידנד. נאר זיי זיינען געווען געשוירענע. לייכטע אפן שפרונג. צו אינגלעך ענלעך געווען.

דער הארן האט צום צווייטן מאל זיך צעזונגען.

דער הו-הא האט זיך פון אזיערע אין די הייזער א גאס געטאן. די מיידלעך האבן מיט די ווייסע אנארבלדיקע שירצלעך שעמערירט. בא די אינגלעך זיינען די נאקעטע טא-ליעס מיט זון געווען באגילט. צו דער טעראסע-עסצימער האבן זיך אלע א ווארף געטאן, ווי אף שטורעמען אַ פעסטונג.

א פיצינק שווארצקעפיק מיידעלע האט אויסגעקלונגען פון אוילאם:

— דעזשורנעס, קומט טיי טרינקען.

גרישקע, אין א גראען קיך-שירץ האט פון דער טעראסע געשריען:

— היי, היי!.. איך האב א פערז צענויפגעשטעלט. הע-ע-רט:

ס׳שאַלט דער טרומייט:
טיי טרינקען גייט!

מארטינאוון איז איינגעפאלן אן אראנזשעריע דארטן אף ווינטער איינארדענען.

אין פאלקבילד האט מען געלאכט:

— עלעקטריפיקאציע אין אייער קאלאניע רעכנט איר נאך ניט איינפירן?

האט ער אונטערגעשמייכלט, די הענט געריבן און דערקלערט פעסט:

— כ׳רעכן. צו ווינטער-צו שטעל איך אן עלעקטרישע מאַשין.

כויזעק געמאַכט פון אים האט מען אלע אייניק. אבער א מאַשין האט ער פון גו-בערניע-שטאט ווירקלעך געבראכט.

אין פאלקבילד האט מען זיך געוואונדערט:

— שוין איינמאל א בעריע!

און כעוורע האבן גערעדט:

— מארטינאוו, דאס איז — כני!

און ווען מארטינאוו פלעגט מאלן, ווי די קאלאניע וועט דעם גאנצן קרייז באלייכטן ווי זי וועט דריי, צען, צוואנציק אזעלכע קאלאניעס ארום און ארום פאנאנדערשפרייטן, האבן די קינדער געגלויבט, און גאר אנדערש געלאכט. פון פרייד געלאכט, אזוי ווי מע לאכט, ווען דער אטעם פארכאַפּט.

גרישקע האט געטראכט:

— פארשיידענע מענטשן געזען, און אזוינעם האב איך נאך ניט געזען. א רייסער!

אין קאלאניע זיינען פארשיידענע קינדער געווען. פון ארימע עלטערן גענומענע. פון די שאכטעס. יעסוימים פון קינדער-הייזער. און רעכטברעכער, ווי גרישקע. נאר שוואכע און קראנקע האט מארטינאוו ניט גענומען.

— א גאנעוו, א שווינדלער — אהער. איז נאר דער גוף געזונט, וועט ער שוין זיך פאריכטן.

ביז מיטאג האבן אלע אין פארשיידענע ערטער געארבעט. נאך מיטאג—אין קאלאניע. ווער ס'האט זיך וועש געוואשן, ווער דעם הויף צוגעקליבן, ווער מיט די בויער געארבעט געענדיקט די ארבעט, איז מען אין ביבליאטעק געגאנגען. ביכלעך געלייענט. נאר לייענער איז ווייניק געווען. דער בוך האט ניט געצויגן. ווערטער אין די ביכער האבן נאך טויט זיך אויסגעוויזן. בילדלעך האט מען ליב געהאט קוקן, אין שאך און דאמקעס זיך געשניטן. פארנאכט פלעגט מען, ביז ס'איז פינסטער געווארן, נעבן קולטור-הויז שפילן. אזוי האט גע-הייסן די שטוב, וואו די ביבליאטעק און דער זאל פאר פארזאמלונגען איז געווען. מע האָט געשפילט אין באסקעט-באל, אין שטעטעלעך, אין פילקע. נאך אָוונט-עסן פלעגט מען זינגען. אמאָל מאַיסעס געהערט, אמאָל געטאַנצט, מע פלעגט זינגען גרישקעס באַליבטן „אינטערנאציאָנאל" און רוסישע לידער.

נאכן אוונט-ברויט פלעגט די צייט ווי איין מינוט אדורכלויפן. און האַגאם מען איז מיד געווארן פאַר א גאנצן טאָג, נאָר ווען מאַרטינאוו פלעגט שרייען: „שלאפן, שלאָפן",— פלעגט זיך ניט וועלן אַוועקגיין. אָבער ער פלעגט לאכנדיק און רייבנדיק די הענט אַלעמען פון קולטור-הויז אַרויסטרייבן. פלעגט מען זיך איבער די הייזער פאנאַנדערשיט. אף די בעטן גלייך זיך אַ ווארף טאָן. און גלייך פלעגט דער שלאָף אַרויפאלן, א לייכטער, אן שווערע כאַלומעס. א גאַנצן טאָג זעצט מען זיך אַפילע ניט צו—בארואיקט גלייך די בעט.

---

און דער זומער שנירט אף אַ פעדימל טאָג נאך טאג. און ס'לאזט זיך שוין אויס באלד דאָס פעדימל. די זון האָט אָנגעהויבן זיך אונטערגעבן, ניט מיט אלעם געוואָרן. גיט א ווארים און נאָך א ווארים— און באַהאלט זיך אף אָפרו. שפינוועבעכץ האָט צווישן בוימער ציטערן אָנגעהויבן. די בלעטער האָבן פארן טויט פאר זייערן, באגילדן זיך אנ-געהויבן.

האַרבסט.

און ניט נאָר רעגן און כמארעס זיינען מיט האַרבסט געקומען. הונגער האָט זיך נעענטער צו דער קאָלאניע צוגערוקט. מאַרטינאוו איז א בייזער פון שטאָט געקומען. מיט זיין "כני" ניט געצערטלט, נאר געזידלט זיך.

אַף א פאַרזאמלונג האָט ער די קינדער געזאגט:

— וויפל מעל ס'זאל ניט זיין מוז אַף א כוידעש קלעקן.

די ווירטשאפט-קאמיסיע האָט אויסגעכעשבנט און באשטימט א ראציע: א פונט אן א פערטל ברויט. פלייש איז ניט געווארן. פיש פון אזיערע האָט אביסל אונטערגעהאלטן. נאָר שווער איז געווארן פאר די קינדער. ארבעט שווערע, פעלד האָט מען געאקערט. וויי-ניק אָרט געווען פאר אקער-פעלד. האָט מען ווארצלען אין וואלד געריסן. אף דער פערמע האָט מען די ארבעט באַם פארענדיקן געהאלטן. א טעכניק איז געקומען די עלעקטריע אריינציען. האָט מען זיך דערפרייט. פאַרגעסן אָן מידקייט.

גרישקע האָט מיט א שטיקל צייט צוריק וועגן אמעריקע געהערט, און איצט האבן בא אים די אויגן געשיינט:

— כאווירים בא אונז אף דער פערמע איז נייע ערד. דאס איז אמעריקע, און אין דער אלטער קאלאניע — אייראפע. אט האָסטו דיר!

און כעוורע האָבן אונטערגעכאַפט:

— היידא אין אייראפע! ווער נעכטיקט היינט אין אמעריקע? וועמעס ריי?

א דערפל איז ניט ווייט פון קאלאניע געשטאנען. איז עס אינגאנצן געפאלן. אין דערפל האט אפילע זומער קיין ברויט ניט געקלעקט. מיט יאגדעס, שוואמען און קארטאפל

האט עס זיך געשפייזט. איז קארטאפל ניט געראטן. האָט מען אין ברויט אנגעהויבן קארע צומישן. מאכנעסווייז פלעגן קינדערלעך הונגעריקע אין קאלאניע אריין קומען צו לויפן. ווי שפערעלעך נאך ברעקעלעך. אין דארף איז א קינדער-הויז געווען. אויסגעמאגערט האבן זיך דארט די קינדערלעך. אפילע זומער איז דארט געווען ערגער ווי אין קאלאניע. און איצט האט דארט דער טויט געהויכט. אינגלעך פון קינדער-הויז האט מען באם פארוואלטער מיט דער ווירטשאפט פון קוראָרט אין הויף געכאפט. פלייש האבן זיי געגאנוועט.

מארטינאוו האט עס די קאלאניסטן דערציילט.

גרישקע האט אויפגעציטערט. די אויגן זיינען אים פינסטער געווארן און ער האט זיך געבעטן:

— מע דארף זיי צו אונז נעמען, אין קאלאניע!

האט מען אף א פארזאמלונג באשטימט דאס קינדער-הויז פאר אן אפטיילונג פון קא-לאניע רעכענען. אויסטיילן ברויט אויך פאר זיי. צו האלבן פונט איז אף יעדערן אנגעקומען. שלעכטע באלעבאטים נאך דערווייל געווען. וואס מע האט זומער אנגעגרייט — אויפגעגעסן. שוואמען איז גאר ווייניק געבליבן. קארטאפל האט מען שפעט אויסגעגראבן. העלפט האט דארף צוגעגאנוועט. דער גארטן האט ווייניק געגעבן. און פון שטאָט — קיין ברעקל ניט! גרויפן האבן געהאַלטן בא ענדיקן זיך. בעקלעך בא די קינדער אפגעוועלקט און איינגע-צויגן געווארן. פלעגן גיכער מיד ווערן. פריער שלאפן גיין. נאר געלעכטער פלעגט נאך אפט קלינגען.

מארטינאוו פלעגט אונטערשמייכלען און קאמאנדעווען:

— די גארטלען שטייפער! די טשעמאדאנעס ציט צענויף!

אַ דעפעש פון גובילד. מע הייסט אין שטאט, אין קינדער-הייזער אפפירן. קיין פראדוקטן וועט מען ניט געבן.

כעוורע האט אנגעהויבן פילדערן:

— צו וואס אין שטאט?

— מיט קארע ווילן מיר דורכלעבן!

— סערגיי מיכאילישט, דערלויבט ניט!

און אלע האבן אף פארשיידענע שטימען געפילדערט:

— דא בלייבן מיר, אין ערגעץ פארן מיר ניט.

איינער האט בארויקנדיק ארויסגעבאסעוועט:

— צי דען ווילן מיר ביז צו דעם נייעם שניט ניט דערציען? דערציען. אקער-פעלד האבן מיר אייגנס.

גרישקע האט זיך אן מארטינאווס האנט אנגעכאַפּט:

— איך, סערגיי מיכאילישט, וועל איבער אַ טאָג עסן. זאָל מיך דער רואך נעמען, אויב אלע טאָג!

און מיט אמאָל האָט ער מיט אַ טיפער בענקשאַפט אַרויסגעוו״עדט:

— גיב אונז ניט אָפּ צוריק פאַר רעכטברעכער.

האָט אַ קוק געטאָן מאַרטינאוו אים גלייך אין די אויגן אַריין, ניט דערזען, נאָר דערפילט אין זיי א שרעקלעכן מענטשלעכן שמערץ. האָט ער אַ צאַפּל געטאָן, די הענט א ריב געטאָן און געזאָגט:

— כ׳וועל ניט אָפּגעבן.

י. זינגער

# ליימגרובן

I

יעדן טאָג, ווי נאָר אף די ליימגרובן פארשפרייט זיך א גרינלעכער פרימאָרגן, שפאנט שוין נאפטאָלע זיין בלינד פערדל צום ביידל און קלאפט אַלע מאָל אָן מיט דער שפּיץ בייטש אין פענסטערל:

— שאָשע, גענוג דיר ניאנטשען דאָס אינגל...

— שאָשע, כ׳וועל אוועקפאָרן אָן דיר...

שאָשע באטראכט נאָך איינמאָל די אָנגעשניטענע מויצעס ברויט, וואָס זי האָט פאר איר יויליקן אָנגעגרייט אף א גאנצן טאָג. זי ציילט אָפּ צוויי שטיקלעך צוקער און איילט זיך ארויס אפּן מאנס באפעל. ערשט בא דער טיר דערמאנט זי זיך אָן איר שטענדיקער וואָרעניש, און זי רופט פון יענער זייט טיר די זעלבע פּאָר ווערטער, וואָס יעדן טאָג:

— יויליק, שפּיל זיך ניט מיט קיין שוועבעלעך, וועסט זיך נאָך פארברענען...

— יויליק, אז א בעטלער ט׳קלאפּן אָן טיר, זאָג: טאטע-מאמע ניטאָ...

און אז ענדלעך איז שוין א פארנאכט, צוזאמען מיט טאטע-מאמע, אָנגעקומען, האָט יויליק אזוי געדראפּעט אין פענסטערל אנטקעגן, ווי א פארבלאָנדזשעטער הונט, וואָס דער-זעט צוריק זיין באלעבאָס.

פריער, אז יויליק איז נאָך א קליינטשיקער געווען, פלעגט אים די מאמע זיינע פאר-מאכן אף א גאנצן טאָג, ניט פארשליסן, נאָר פארשטעקן מיט א העלצל דעם האָק פון דרויסן, ווי מע פארשטעקט א שטייג מיט אויפעס. און יויליק פלעגט א גאנצן טאָג זיצן מיט די אויגעלעך אָנגעשפּארט אין פענסטערל און קוקן אף ברייטע און פוסטע ליימגרובן ארום זיך.

איצט אָבער איז שוין יויליק אַ גרויסער. ער דראַפּעט זיך אַליין אַרויף אַף דער שאַפע און שניידט זיך צו אַ שטיקל ברויט, בעשאַס די צוגעגרייטע שפּייז גייט אים אויס. ער צע-האַקט שוין אַליין אַ קרומע צווייג פאַר דער טיר און בראָט זיך קאַרטאָפל. און ער גייט אויך אַוועק אַף אַ גאַנצן טאָג פון דער היים, ער פאַרשטעקט דעם האָק פון דרויסן מיט אַ העלצל און זאָגט אָן דער איבערגעבליבענער קאַץ מיט מאַמעס רייד:

— קעצעלע, שפּיל זיך ניט מיט שוועבעלעך, וועסט זיך נאָך פאַרברענען...

— קעצעלע, אַז אַ בעטלער ט׳קלאַפּן אין טיר, זאָג: טאַטע-מאַמע ניטאָ...

יויליק גייט אַוועק ווייט. און ער זוכט אויס אַ שטעקן, גרעסער פון זיך אַליין, און דראַפּעט זיך באַרג אַרויף. דאָרטן נעבן וואַסער, וואָס שניידט זיך אין טיפע, ליימיקע גרובן, שטייט דאָרט אַ הייזל, אַ ליימיקס און אַן איינגעהויקערטס, שטייט זיך אַף סאַמע שפּיץ באַרג און אַזוי אין עק, אַז אָט, אָט, גליטש זיך עס פון באַרג אַראָפּ און קייקלט זיך גלייך אין וואַסער אַריין. דאָרט וואוינט וולאַדעק דער ליימפּירער מיט זיינע דריי קינדער און פערד און וואָגן. איצט איז וולאַדעק מיטן פערד און וואָגן ניטאָ. ער פירט ליים אין שטאָט פאַר נייע מויערן—און יעדן פרימאָרגן טרעפט ער זיך טאָמיד מיט זיין איינציקן שאָכן נאַפטאָלע. זיי פאָרן ביידע, איינער הינטערן אַנדערן, טריט באַ טריט, ביז צום קרו-מען אויסגעדונערטן ציילעם. דאָרט צעפאָרט זיך יעדער אין אַן אַנדער וועג, און ערשט פאַרנאַכט טרעפט מען זיך צוריק אַפּן זעלביקן אָרט.

איצט זיינען נאָר פאַרבליבן אין דערהיים וואַצעק און באַליעק, צוויי אינגלעך, ביידע מיט אָפּגעדרייטע דאַשעקעס און ברייטע הויזן, און א מיידעלע וויקטאַ, אַ לייכטס און אַ דינס, מיט אַ פלאַקסענער גלאַטינקער גזשיוּוקע ביז אין די אַשיקע אויגן אַריין.

צו זיי גייט עס יויליק יעדן טאָג, און גלייך מיט די אינגלעך האָט ער ליב געבן אַלע מאָל אַ ריס באַם מיידעלע די גזשיוּוקע און רייצן זיך:

— וויקטא האָסט מוירע פאַר אַ טויטן?..

— וויקטא ...

וויקטא אַנטלויפט גיך. זי גליטשט זיך אַראָפּ פון הויכן באַרג גלייך צום ברעג טייך, און אַלע אינגלעך - גלייך נאָך איר.

דאָרט נעבן ליימיקן טייך האָבן זיי אַסאַך זאַכן צו טאָן: קודעם דאַרף מען אַריינשטעקן די פיס אין וואַסער און אָפּוואַשן די ליימיקע טריט, דערנאָך דאַרף מען וואַרפן שטיינדלעך איבערן וואַסער און לאָזן „קאַטשקעס” לענג אויס דעם טייך. כוץ דעם, איז פאַראַן דאָרט אויך ווערים און שניעקעס קאַלעראַיי; אַף ליימגרובן זיינען קיין אנדערע באַשעפעניש ניטאָ. קיין קי האַלט מען דאָ ניט, ווארים די ערד איז ליימיק און אויסגעקראָכן. קיין הונט דאַרף מען ניט, ווייל די געגנט איז אַזאַ זייטיקע און פוסטע, אַז אַפילע קיין גאַנאָווים און ציגיינער פאַרקלייבן זיך קיינמאָל ניט אַהער.

קליינוואַרג קען דאָ יעדער וואָרעם, יעדער שניעק. זיי שפּילן זיך מיט זיי, ווי מיט שטוביקע כאַיעס. זיי שלעפן אַרויס וואַסער-שלאַנגען פון טייך, זיי שניידן זיי איבער מיט אַ שטיקל גלאָז אין דער העלפט און זעען, ווי ביידע באַזונדערע העלפטן קריכן זיך גלייך אין פאַרשיידענע, באַזונדערע וועגן. זיי זוכן אויס מושלען, וואַרפן פון זיי אַרויס די איינגעזעסענע, קלעפּיקע שראָצים און לייגן אויס די שיסעלעך טריקענען אף דער זון. זיי גראָבן אויס גריבלעך אין דער ערד, זיינען מעקאַבער דאָרט שוואַרצע זשוקעס, לעבעדיקערהייט, און ווארטן לאנג אויס, ביז די ערד הויבט זיך אָן באַוועגן. דער באַגראָבענער זשוק באַווייזט זיך צוריק, א לעבעדיקער, און טרייסלט זיך אָפּ פון דער ערד.

שפּעטער, צו מיטאָג שאָ, אַז די זון שטעלט זיך אין מיטן הימל און שאָטנס ווערן מאָדנע קורץ און קיילעכדיק, וואַרפן קליינוואַרג פון זיך אַראָפּ די העמדלעך און לאָזן זיך שווימען איבערן טייך. וויקטא שאַרט מיט די הענטלעך און פיסלעך, אַף מיידלשן שטייגער, און די אינגלעך שטיקן זיך פון געלעכטער:

— זשאַבע קו-קו...

נאָר, אַז די נאַקעטע לייבער הויבן אָן ווערן ברוין-און-בלוי פון צופיל ווייקן זיך און פּיאַווקעס טשעפּען זיך צו די פיס, לאָזט מען זיך גיך פון וואַסער אַרויס.

די פּיאַווקעס, ווייסן זיי, טאָר מע ניט אָפּרייסן פון זיך. מע דאַרף זיי לאָזן אָנזויגן זיך מיט מענטשן-בלוט ביז זיי ווערן געשוואָלן און קייקלען זיך אליין אַראָפּ. דעמאָלט זאַלצט מען זיי ערשט אויס, זיי זאָלן ניט פייגערן פון בלוט. מע לאָזט זיי אריין אין פלעשער וואַסער און מע באַהאַלט זיי אין בוזים פון העמד,—א מאַטאָנע פאַר וואָלאָדקע דעם ליימפּירער. ער פלעגט מיטפירן די געפאַנגענע ווערעם אין שטאָט צוזאַמען מיטן ליים. דאָרט פלעגט ער עס פאַרהאַנדלען בא אָנגעגעסענע כאַזיירים-קוילער, וואָס שטעלן זיך פּיאַווקעס אַנשטאַט האַקן א אָדער. און אַהיים פלעגט ער קויפן קראָכמאַלנע געפאַרבטע לעקעכלעך און טרוקענע פליגן, אף צו פאַרנאַרן פיש.

איצט נעמט כעוורע די ליידיקע מולטער, וואָס שווימט אַרום איבערן טייך, זיי נעמען עמלעכע פאַרפוילטע וואַרצלען און שטעקנס אין די הענט און מע לאָזט זיך איבער דעם ליימיקן טייך.

נאָכדעם ווי מע האָט זיך אָנגעשיפלט אפן טייך, נעמט יויליק אראָפּ דאָס היטל פון קאָפּ, שעפּט דערמיט אָן וואַסער פון טייך און גיסט אין טרוקענעם ליים.

ער פאַרשאַרט די אַרבעלעך פון העמדל ביז די אָרעמס און קנעט פעסט און פאַר-אקשנט. גיך און געשווינד מיט ביידע פלינקע הענט.

ער מאַכט מענטשן און פערד פון ליים.

וואַצעק, באָליעק און וויקטא לייגן זיך אויס אף די בייכלעך און קוקן מיט אָפענע אויגן אף יויליקס אַרבעט.

יויליק אַרבעט שווער.

בא איין מענטש האלטן זיך די פיס פעסט, זיי זיינען קורצע און דיקע. נאָר דער טאָרס אַף זיי האלט זיך א קרומער און צו שווערער, וואקלט ער זיך עטלעכע מאָל אַהין און צוריק און גליטשט זיך אראָפּ פון די קורצע פיס זיינע. בא אַן אנדערן איז דער טאָרס א גוטער, א גלייכגעוויכטיקער, נאר א העלזל איז בא אים א דינס און א לאנגס, ווי בא א גענזל: בויגט זיך דער קאָפּ אלץ מער הינטער זיך און פאלט פּלוצלינג גלייך אין וואַ-סער אריין. נאר באלד שעפּט יוליק נייע היטלען וואסער. ער שטויסט מיט ביידע פיס אין אומבאהאָלפענעם גוילעם. ער צעקנייטשט אים די גראָבע פיס, צעלעכערט אים דעם אָנגעבלאָ-זענעם בויך, און מאכט פון א פריערדיקן פוס א איצטיקן קאָפּ, פון פריערדיקן האלז אַ איצטיקע האנט, און קליינווארג בלייבן מיט אָנגעשטרענגטע אויג און אויער, ווי זיי וואלטן מוירע האָבן אָטעמען, קעדיי מיט עפּעס ניט קאַליע צו מאַכן.

נאָך אסאך מאל אומפאלן, טראכט יוליק פאַרשיידענע מיטלען אויס. ער פּאַקט ער-געץ א פאַרפוילטע צווייג און שטעלט אוועק אונטערן ליימיקן רוקן, ווי דער טאַטע זיינער שפּאַרט אונטער דאס קעמערל. ער מאכט גראָבע קלעצערדיקע פיס און א קליין קיילעכיק קעפּל. ער קנעט דאס ליים לאנג, לאנג, ביז ס'ווערט הארט, שווער און דויערהאפטיק. אז א פארשוין שטייט שוין ענדלעך אינגאנצן, לאזט מען זיך אלע דריי פאַנגען „רויטע שניידערס".

יוליק מאכט אויס צוויי לעכער אין דעם ליימיקן שטערן, מ'זעצט אַריין צוויי „רויטע שניידערס" אין די אויגן פאַר נעשאָמעס און מע נעמט זיך טאנצן א רעדל ארום דעם בא-שעפעניש. מע טאנצט צום ערשט שיטער, פאָרזיכטיק, נאָר אלע מאל אלץ געדיכטער און פלינקער. מע טאנצט לאנג, לאנג, ביז די קעפּ פאַרדרייען זיך און מע פאלט אלע צוזאמען מיטן באשעפעניש איניינעם. אז דער אוילעם בלייבט ליגן מיט דער פּלייצע צום הימל, גיט יעדער נאך א שטויס מיטן פוס אין ליים און מע שרייט אים אין די אויערן הויך און קוויטשיק:

— ליג נאר...

— ריר דיך ניט...

און דערנאך כאפּט מען די העמדלעך אף זיך און מע לאזט זיך אף אלע פיר בארג אַרויף.

די זון האָט זיך שוין אראָפּגעגליטשט פון בארג אין וואסער. פון טייך קוקן ארויס די ערשטע זשאבעס, זיי באווייזן זייערע געשוואלענע און געפּינטלטע בייכער און באלייטן מיט א קוואַקעריי דעם פאַרגייענדיקן טאג. קליינווארג איילט זיך גיך צום קרומען ציילעם דארט טרעפן זיך איצט ביידע, צוריקפארנדיקע שכיינים: נאַפטאָלע און וולאדעק דער ליים פירער. זיי לאזן זיך אין ליימיקן טאל אף נאכטלעגער. און קינדער לויפן זיי אַנטקעגן.

בא נאַפטאלען איז א פערדל א בלינדס, אבער אַן אויסגעפּוצטס. עס טראגט אַ רוסישן מיליטער-געשפּאַן, ס'האט אסאך גלאנציקע מעשלעך אין דער צוים און אין כאמעט, און ס'איז צוגעשפּאַנט צו א קליין ביידל, א גרינס און אויסגעלאטעטס.

בא וולאדעקן איז א פערד א גרויס, א שווערס, מיט דיקע פיס, פארבונדן מיט שמאַטעס ארום די טלאָען.

נאפטאָלע מיט שאָשען זיצן אין דערהויך אף די שמאטעס. וולאַדעק שארט מיט די אַראָפּהענגענדיקע פיס אין ליימיקער ערד.

די פערדלעך שלעפּן זיך פויל, די בייטשן זיינען פאַרשטעקט, און די שכיינים רעדן זיך איבער מיט זעלבע פּאָר ווערטער:

— נאַפטאָלע, מעגסט דיינעם געבן א נייע פּאָדקאָווע.

— וולאַדעק, דיינער האט דאכט זיך געכאפּט דעם ראַצער...

ביז צו די הייזלעך טרייבט שוין קליינוואַרג אָן, די עלטערע גייען פויל אַריין אין די שטיבער, גרייטן וועטשערע.

קליינוואַרג נעמט איבער די פערד צו זיך אין רעשוס. אַז מע ווערט פּאַרטיק מיטן פּאַשען, זעצט מען זיך אַוועק אַף די שאַרפע אויסגעהויקערטע רוקנס און מע לאָזט זיך צום טייך.

וואַצעק און באַליעק זיצן אַף זייער „גניאַדע" איינער הינטערן אַנדערן און שטויסן מיט די באָרוועסע פיס אינם פערדישן בויך, וויקטאַ זיצט אַף נאַפּטאַלעס „קאַשטאַן", הינטער יויליקן, און האַלט אים פעסט אַרום מיטביידע הענטלעך, טוליענדיק זיך צו אים, זי זאָל פון פערד ניט אַראָפּפאַלן. מע לאָזט זיך צום טייך אַף אַ באָד. מע יאָגט זיך איבער איינער דעם אַנדערן און מע שרייט מיט אַלע קויכעס:—וויאָ, בלינדער... וויאָ, לאָמער, וויאָ...

אַז מע קומט צו צום טייך האַלטן זיך די פערד מיט אַלע קויכעס, זיי זאָלן זיך ניט אַראָפּגליטשן פון באַרג און גייען אין וואַסער אַריין געהאָרכזאַם, שטיל, אָן פערדישער אַקשאָנעס.

כעוורע טונקט די הענט אינם טייך און רייבן לאַנג מיטן לעצטן ביסל זומפּ די גע-רייפטע פערדישע זייטן.

II

אַף די ליימגרובן איז געוואָרן פוסטער. וואַצעק מיט באַליעקן הויבן זיך שוין איצט אויף פּאַרטאַג, גלייך מיטן טאַטן זייערן. זיי העלפן אים שפּאַנען דאַס פערד, זיי העלפן אָנגראָבן אַ פּירל ליים, און אַז דער וואָגן גייט באַרג אַרויף, שטופּן זיי אַזוי פעסט באַ די רעדער, בויגן זיך אַזוי טיף צו דער ערד, און „וויאָקען" אַזוי קאַעסדיק אַף דעם פערדל, ווי עמעסע גרויסע. פּאַרנאַכט, אַז זיי קומען צוריק, זיצן זיי אויסגעזעצט לענג-אויס דעם וואָגן, זיי סטאַרן זיך באַרירן מיט די אַראָפּהענגענדיקע פיס די ערד, ווי דער טאַטע זייערער. זיי זיצן פּאַרנומענע, שווייגנדיקע, פּאַרשטעקן די בייטש, ווי זיי וואָלטן זיך גאָר געפוילט אָנטרייבן.

יויליק וואַנדערט איין-אַליין איבער די ליימיקע גרובן און בערגלעך און פּאַרקריכט אויך צו דער כאָרעוודיקער ציגעלנע.

ער קריכט אַרונטער אונטער די איינגעפאַלענע פּאַרלאָטעטע דעכער, וואו אַמאָל פלעגט מען טריקענען ציגל און איצט האַלטן זיך דאָרט פויגל אויף און וואַרעמען קליינע געשפּרענקלטע אייעלעך. ער נעמט אָן פולע הויזן-קעשענעס מיט העפּקערדיקע אייעלעך און פּרוּווט זיי צילן אין שפּיץ קוימען, איינס נאָכן אַנדערן, ביזן סאַמע לעצטן. ער נעמט אויך גאַנצע רייען האַלב-פּאַרברענטע ציגל, ער לייגט אויס איינס אַפן אַנדערן און בויט אויס אַן אייגענע ציגעלנע, אַן אייגענעם קוימען, וואָס גרייכט אים ביז איבערן קאָפּ.

אַז ער וועט עלטער ווערן, וועט ער זיין פונקט ווי דער טאַטע זיינער.

ער וועט אויך טראָגן אַזעלכע גרינע געפּאַסטע הויזן, הויכע געפּאַלדעוועטע שטיוול און אַ ברוין געשטריקט לייבל מיט גילדענע קנעפּלעך. רעדן וועט ער ווייניק, ווי דער טאַטע זיינער. ער וועט נאָר פּייפן, פּייפן. יעדן זונטיק וועט אים דאַס ווייב זיינס פּאַר-קנעטן אַ מולטער מיט ליים. ער וועט אויסאַרבעטן פון ליים פּייפעלעך, הענדעלעך און סאָלדאַטעלעך. דאָס ווייב זיינס וועט שטיין דערנעבן מיט אַ גלאָז רויטער און גרינער פּאַרב און העלפן. די הענדעלעך וועט זי שמירן מיט גרינס; באַ די סאָלדאַטעלעך—די בעקעלעך מיט רויטס.

דעם טאַטן האָט יויליק ליב. ער האָט אַפילע אַביסל מוירע פּאַר אים. באַ אים פאַלט די טשופּרינע אַראָפּ ביז איבער די ברעמען און פּאַרשטעלט אים אינגאַנצן די אויגן, דערצו·

האָט ער נאָך אַ טעווע אומצעגיין א צייט שטיל, שטיל און נאָר אַמאָל ברומען פון אונ-טער די וואָנסן צו דער מאמעס זייט:

— געמאכט פון מיר א שמאטניק, הא?..

אף דער וואנט הענגען אסאך זיינע פאָטאָגראַפיעס, ער איז מיט אַ זעלנעריש היטל אָן אַ דאַשעק און מיט אַ האַלב קיילעכדיקער שווערד בא דער זייט. כוץ דעם האט ער נאך א קעמערל נעבן הייזל, א קליין מעשופע קעמערל, וואו אין היי און שטרוי באַ-האלטן זיך דארט די שענסטע פאָרצעלייענע זאַכן אויס.

א גאַנצע וואָך שטייט דאס קעמערל פאַרשלאָסן. יויליק קוקט אַריין מיט זיין אָפן אויג דורך די שפאַלטן, נאָר ער זעט גאָרניט. ערשט זונטיק אז עס קומט, בלייבן טאטע-מאמע אין שטוב. זונטיק קאָן מען איבער די דערפער ניט פאָרן.

די מאמע פאַקט פאַנאַנדער די אָנגעקויפטע פעק שמאטעס און ביינער און דער טא-טע עפנט דאס קעמערל. יויליק גייט דעמאָלט ניט אַוועק אף קיין רעגע פון שטוב און ווייסט ניט, וואוהין פריער צו קוקן.

דער טאַטע האָט פיינט די פעק שמאַטעס. ער קלאַפּט זיך אףביידע געפּאסטע פיס פון שטויב און לאזט זיך צום קעמערל זיינעם. יויליק רייסט זיך פון די מאמעס הענט ארויס און לויפט שווייגנדיק מיט זיינע פלינקע לעבעדיקע שפּרונגען.

דאָרט איז א נייע וועלט:

אף פּולמעסן לאנגע און פלאַכע, ליגן דארט מענטשעלעך מאָדנע: אָט ליגט איינער אין אַ ווייבערישן געפּאסטן סטאַניק מיט הויכע זאָקן ביז די קניען און רויכערט גאָר אַ ליולקע. אָט זיצט עפּעס אַ פּרוי אין א רונדיק ברייט קלייד, ווי אין א פעסל; זי האט לאַנגע געקרייזלטע לעקעלעך, זי האלט א גילדענעם פאָכער אין די דינע לאַנגע הענט און דערנעבן שטייט עפּעס אַ יונגער פאַרשוין אין ווייבערשע שיכלעך, שטייט אף איין פוס און דערלאַנגט א פאר געלע בלומען. אַף קריגלעך האלטן זיך אינגלעך מיט רונדע קאַפּע-ליושלעך און מיט גרינע פעדערן פון הינטן; מיידלעך מיט גילדענע שיכלעך און מיט קוישלעך קאַרשן אין די הענט. קעצלעך אין שטיוול און מיט טשיפּעקלעך אף די קעפּ; העלפאנטן מיט זיידענע געקעסטלטע קאָלדרעס איבערגעדעקט און גלאטע שלאנגען און עקדישן מיט אָפענע בלויע ציין און גרינע געדרייטע עקן.

יויליק קוקט שווייגנדיק אף אלע זאכן און דער טאַטע זיינער וואַקסט באַ אים אויס נאך העכער און גרעסער. די מאַמע זיינע דערציילט אים אָפּט, צו וואָס די אלע זאַכן נוצן. פאַר דעם, זאָגט זי, גיבן די גאָיעס אוועק די שמאַטעס מיט די ביינער. ער ווייסט אויך, אַז די שמאַטעס פירט מען אין פאַפּיר-פאבריק, די ביינער אין צוקער-פאַבריק און מע באַ-קומט געלט דערפאַר. נאָר פונדעסטוועגן פאַרדריסט אים, פאַרוואָס די מאַמע זיינע בייט אויס אזעלכע שיינע זאַכן אף שמאַטעס און ביינער.

יויליק קוקט מיט מוירע און דערעכערעץ אפן טאטן זיינעם, ווי ער קנעט אין ליים. מאָדנע פינגער באַם טאַטן זיינעם. אָט שטייט א שיסל ליים, ווייכע געקנאָטענע ליים, און שוין קריכן פון דארטן איין פויגל נאכן אַנדערן.

דער טאַטע אַרבעט גיך, פלינק. קוים וואס מע דערזעט מיטן אויג, און אט שטייט שוין א הענדל מיט אן אפענעם שנאָבל און מיט א פאריסענעם עק. אז אלע אויפעס שטייען שוין אין שורעס, ווי די סאלדאטן, נעמט ער ערשט דעם שפיציקן נאָגל און מאַכט אויס לעכעלעך אין די אויגן. דערנאָך טונקט ער אַ געניזענע פעדער אין גלאָז, שמירט, און ברומט גלייכצייטיק פון אונטער די וואָנסן:

— שאשע, שטעל זיי טריקענען, די כאַיעס...

— שאשע, לאָז זיי ניט צעברעכן...

אז ער וועט זיין אַזוי הויך, אַז ער וועט דארפן אָנבויגן דעם קאָפּ באם טירל, וועט

ער אויך מאַכן אזעלכע הענדעלעך און סאָלדאטעלעך. ער וועט מאַכן אסאך, נאר קיין איינס ניט אוועקגעבן פאר שמאטעס. דערווייל איז ער נאך קליין. אזוי קליין, אז ער דערגרייכט קוים דעם טאַטן צום רימען. אז ער וועט האבן א ווייב, וועט ער פון זיך ניט לאָזן מאַכן קיין שמאַטניק. ער וועט קיין וואַרט ניט ריידן, קיין איין וואָרט ניט. ער וועט נאָר פייפן, פייפן, וועט אויסדרייען דעם קאָפּ צום ווייבס זייט און ברומען פון אונטער די וואָנסן:

— געמאַכט פון מיר א שמאַטניק, האַ?..

יויליק דראפעט זיך אזוי לאַנג באַרג-ארויף און אראפּ ביז ער פּילט א מידיקייט אין זיינע פיסלעך. און דעמאָלט ערשט לייגט ער זיך אוועק מיטן קליינעם גופל אף גרויסער ערד און קוקט מיט ווייטזיכטיקן אויג אף בלויע וועלט ארום זיך. די וועלט ארום איז ברייט. ווייט ביז ערגעץ צו פיאָלעטער געדיכטער צוים.

און יויליק נעמט אַלץ ארום מיט זיינע אויגעלעך, ער באַטראכט די צעפלאָסענע קו-פּעס שניי, וואָס פאלטן זיך אין הימל, כאָטש ס'איז אזוי הייס. ער קוקט אַף די הויקער-דיקע בערג, וואָס הויבן זיך איינער הינטערן אַנדערנס רוקן, ווי זיי וואָלטן זיך צו א פרעמדן סאָד אונטערגעהערט. ער פארשט אויך נאָך נאָך הימלשע כאַסענעס, נאך פויגלשע קאַראהאָדן, וואָס דרייען זיך ווי שנירלעך שווארצע קרעלן און פארטשעפּען זיך אלע ווילע אין הימלשער בלויקייט.

III.

אַפּן ברעג שפּאלט זיך די ערד אַלץ טיפער און געדיכטער. טרייפּענע פּיש שלעפּן זיך קוים איבערן פלאַכן טייך און זשאַבעס אין פּיאַווקעס קאָנען זיך קיין ארט ניט געפינען פון טריקעניש.

יויליק זיצט באַם ברעג און קנעט.

ער ווייסט שוין איצט אינגאנצן, ווי אזוי א הילצערנעם סקעלעט אוועקשטעלן און ארום אים ליים ארומקלעפּן, ער ווייסט אויך שוין איצט, ניט נאר שטייענדיקע פּיגורן צו מאכן, נאר אויך די זיצנדיקע און ליגנדיקע. נעבן אים זיצט איצט וויקטא אַליין, קוקט שאָען אף זיין ארבעט. זי זיצט שווייגנדיק שטיל, ווי עס זיצט אַן עלטערע פרוי און קוקט זיך צו צו איר ברויטגעבערס ארבעט.

יויליק קנעט פאראקשנט אין ליים, ער שניידט אויס א שטיק נאַס לייב אין מענטשי-שער פּלייצע, ער קנייפּט אויס א שטיק ליימיקן האלז, צי קאָפּ, און ווארפט עס צו צו א רוקן אדער א פּלייצע. ער לויפט אלע מאָל אָפּ פון ווייטנס הינטער זיך, קוקט מיט איין אָפן אויג און לויפט צוריק צו גיך און האסטיק, ווי ס'וואָלט אים עמיצער אונטערגעטריבן.

און אָפטמאָל גיט ער גאר א שטעל אָן זיין אויג אף וויקטאַס אַ פּוס אדער א האנט. קוקט, קוקט און גיט א שניט מיטן העלצל אין ליים. טכילעס דערשרעקט זיך וויקטא פאר זיין בליק, גיט זי זיך גאר א וויש מיטן קליידל דעם פּוס, ווי זי וואָלט וועלן עפּעס אָפּ-ווישן, און זי לאַכט!

— וואָס גלאָצסטו, נאר איינער...

נאר אז יויליק ענטפערט איר גאָרניט, קוקט זי ווייטער רואיק אף יעדער באַווע-גונג זיינער און דערציילט שטיל און לאַנגזאם. זי דערציילט, אז דארט, וואו דער הימל לאָזט זיך אראפּ צום וואלד, דארט איז נאָך ניט עק וועלט. זי איז דארט געגאנגען מיטן טאַטן אירן צום קאָשציאָל און דער הימל ציט זיך נאך ווייט, ווייט. זי דערציילט, וואָס פאר א שיינע פענסטער אין קאָשציאָל. גרינע, בלויע און רויטע, און זי דערציילט אויך, אז דארט אין קאָשציאָל זיינען נאך שענערע מענטשעלעך דאָ, ווי די, וואָס יויליק מאַכט. טויזנט מאָל שענערע. און גרויס זיינען זיי, די מענטשן, גרעסער ווי די טאַטעס. און אזעלכע מאָדנע זיינען זיי. טייל האלטן גרויסע שטעקנס אין די הענט, און גייען אנגעטאָן אין

קליידלעך, פונקט ווי די ווייבער. טייל האַלטן קינדער אף די הענט, אזעלכע פיצינקע קינ-דערלעך, און אנדערע האלטן גאר ריטלעך אין די הענט און טרייבן קליינע שעפסעלעך.

יוליק הערט, וואס וויקטא דערציילט און פרעגט עטלעכע מאָל איבער:

— און פערד זיינען אויך דארט פאראן, וויקטא?

— פערד אויך?..

וויקטא זאָגט, אז קיין פערד איז ניטא בלויז שעפסעלעך.

און זי דערציילט איבער, דאס וואָס דער טאטע אירער זאָגט:

— ער זאָגט, אז ער וועט אוועקפארן ערגעץ ווייט איבערן יאַם...

— ער זאגט, אז ער וועט די קינדער דא איבערלאזן. אָנדינגען זיי צו פאשן כאַזיירים...

יוליק באטראכט נאך איינמאָל דעם ליימיקן פארשוין זיינעם און גיט אים א שטויס מיטן פוס אין רוקן. ער ליידט זיי ניט, די ליימיקע פארשוינען זיינע. וויפיל ער זאָל זיי ניט שניידן און קנעטן, שטייען זיי אלץ אזעלכענע צעדרייטע, קרומע, גאר ניט ווי דארט בא זיי אף די פולמעסן.

---

די ליימגרובן ליגן אין ווייסן שניי געהילט. די קאָלירטע שייבעלעך אין נאפטאָלעס הייזל זיינען אַלע געפרוירן און יוליק הויכט אן אלע מאָל זיין איינציקן זעקסער און פרעסט אים אויס אין דער פארקאָוועטער שויב.

די טעג זיינען קורצע. נאַפטאָלע שפאַנט איין זיין פערדל אין סאַמע נאַכט און קומט אהיים בייז, קאַלט, מיט אייזיקע וואָנסן, די נאַכט ציט זיך לאַנג, לאַנג. יוליק כאַפט זיך אויף עטלעכע מאָל אין נאַכט און הערט ווי טאַטע-מאַמע שמועסן זיך איבער.

— נאַפטאָלע, נעם אים מיט מיטן ביידל, ס'קינד האָט מוירע אַליין צו זיין...

— ניט, בא מיין לעבן שאשע, א ליאַדע טאג ברענג איך אהער דעם היטלמאכער און גיב אים מיט דאס אינגל...

יוליק ווייסט ניט אינגאנצן, וואָס ער וועט דארטן טאָן, ווי אזוי מע וועט אים דאס מיטגעבן מיט א פרעמדן מענטשן, ווי אזוי וועט ער דאָס דאָרטן עסן, שלאָפן. און ער שטעלט זיך פאָר דעם פרעמדן היטלמאַכער פונקט ווי דעם פויער, בא וועלכן וויקטא פאַשעט כאַזיירים. ער קומט אסאך מאָל אהין, צו דעם פויער מיטן אויסגערינענעם אויגל און מיט די געלע אויסגעצופטע וואָנסן.

ער האָט מוירע פאר דעם פויער—באַהאַלט ער זיך מיט וויקטען אין שטעלעכל און גיט איר ברויט מיט האָניק און שטיקלעך צוקער, וואָס ער גאַנוועט בא זיך אין שטוב פון אפן אויוון. זי ווייזט אים די יונגע כאַזיירעמלעך, וואָס זי האָט זומער געפאַשעט, דאָס שטרויען געלעגערל אין דער וואַרעמער שטאל צווישן די קי און כאַזיירים און די בלויע שיניאַקעס, וואָס דער באַלעבאָס מאכט איר מיטן פאַסיק אפן לייב.

יוליק באַטראכט דעם טאַטנס באַוואקסענע באקן און האָריקע ברוסט און רוקט זיך אָפּ פון אים אין סאַמע וואַנט אַריין.

IV

באַ נאַפטאלען אין שטוב ברענט דער אַכטער לאָמפּ אויסגעדרייט אינגאַנצן. דער טיש איז מיט אַ געפאַרבטן טישטוך געדעקט. שאשע שטייט באַ דער קיך מיט די בלויזע פאַרשאַרצטע הענט און קופער-פייערדיקע האָר און שרייט איבער די געקרעכצערייי פון די געפרעגלטע גריון:

— נו, ווי דאַכט זיך אייך, רעב שאָלעם, ער וועט זיך אויסלערנען די מעלאָכע, דאָס אינגל?

— ער וועט זיך אויסלערנען — ענטפערט רעב שאָלעם צופרידן און לעקט אָפּ די געדיכטע וואנסן נאָכן טרונק בראָנפן, וואָס ער האָט געטרונקען צו נאפטאלען לעכאַיעם.

יויליק זיצט אין אַ ווינקל שטוב און לאָזט קיין אויג ניט אַראָפּ פונם פרעמדן אידן. נאָך באטאג איז ער געקומען, דער איד מיטן טאַטנס ביידל: האָט ער דערווייל פאנאנדערגעפאַקט זיין פעקל מיט פעלץ, פאַנאַנדערגעוואָרפן עס איבערן טיש און געסטריגעוועט פוטערנע קוטשמעס מיט אַ גראָבער זאַק-נאָדל. אין שטוב האָט באַלד אָנגעהויבן שמעקן מיט זויערס, און מיט פאַרדארטע פעלן — אזוי, אַז אין נאָז האָט געקיצלט און ס'האָט זיך שטאַרק געוואָלט ניסן. נאָר יויליק האָט אַלץ קיין אויג ניט אַראָפּגעלאָזט פונם פרעמדן אידן. ער האָט באַטראַכט זיין געדיכטע בארד און וואנסן, אָן אַ מויל, און ער האָט ניט פאַרשטאַנען, ווי אַזוי ער קאָן עסן. ער האָט באַטראַכט זיינע געקרייזלטע הערלעך אַפּן האַלז, וואָס קומען זיך צוזאַמען מיט דער געדיכטער באָרד, די באָרד מיט די שפּיזיקע הערלעך פון די אויערן, די וואנסן מיט דינע האָר אַף דער נאָז, די ברעמען מיטן אַראָפּגערוקטן שעפּסענעם היטל. אַלץ איז געווען באַם אידן אַזוי געדיכט, פאַרקרייזלט און מיט אַזאַ אָפּגעקראָכענער שוואַרצקייט, איינגאַנצן ענלעך צו זיינע שוואַרץ-ברוינלעכע בארענקעס און שטיקער פעלץ, וואָס ער סטריגעוועט מיט דער זאַק-נאָדל.

אין שטיבל הויבן די געפרוירענע שויבן אָן לאָזן, און די פאַרע לייגט זיך געמיטלעך אף די ווענט.

אויבן-אָן זיצט דער האָריקער איד און מאָלט מיט דער באָרד די לאָקשן הויך און רייבנדיק.

נאַפטאלע זיצט דערנעבן, ער דינגט זיך לאנג און פאַראקשנט און רעדט פעסט:

— נאָר מיט פיר רובל אף יעדן פייסעך, ר' שאָלעם.

— אַז ניט גייט עס ניט, רעב שאלעם...

רעב שאָלעם איז ניט מאַפסיק פון עסן, ער שאָקלט נאָר מיטן קאָפּ אף ניין און קוקט אַף שאָשעס זייט.

זי ווייזט אים, וואָס פאַר אַ גילדענע הענט באַם אינגל זיינען און טראָגט אים אונטעו· עטלעכע ליימענע פאַרטריקנטע פאַרשוינען, וואָס יויליק האָט געלאָזן שטיין נעבן קיך.

רעב שאָלעם צעציט זיינע קיילעכדיקע אויגן, וואָס זעען אויס, ווי אונטערגעפוילטע שוואַרצע פויגל-קארשן, ער ווינקט צו יויליקן מיט אַ באַוואקסענעם פינגער און דאָס גאַנצע האָריקע געדיכטעניש זיינס פון די אויערן ביזן קאַרק לאַכן ציטערנדיק און פאַרשטיקט.

— האָ, הי, הי, — באַ מיר וועסטו אַזעלכע געטשלעך ניט טאָרן מאַכן, שייגעץ...

— כע, כי, כי... באַ מיר עסטו זיך לערנען די מעלאָכע; און שלאָפן וועסטו מיט מיר... אין איין בעט...

יויליק לאָזט אראָפּ די אויגן, ער ציט אומגעדולדיק די שטיוועלעך פון די פיס, ער באַהאַלט זיך אונטערן איבערבעט און גלאָצט פאַרטראַכט אַף דער וואַנט.

באַם טיש רעדט מען נאָך לאַנג, נאָר יויליק דרייט ניט אויס דעם קאָפּ. ער פאַרמאַכט די אויגן און פאַר אים דרייען זיך קיילעכיקע פייערדיקע רינגען גיך און בליצנדיק. ער זוכט אויס שפּאַלטן, פלעקן אין דער וואַנט און זעט מאָדנע פיגורן, מענטשן מיט בערד און מיט פיר פיס. ער פירט מיט אַ פינגער אונטערן איבערבעט, ער שניידט אין לופט קאָנטורן און ליניעס, ווי פאַר אים וואָלט שטיין אַ מאַסע ליים. דערנאָך נעמט ער אַ שטיק ברעט און קלאַפּט דערמיט וויקטעס פויער דערפאר, וואָס ער האָט וויקטען געשלאָגן מיט אַ רימען. ער וויל זיך דערנאָך יאָגן נאָך פויגל מיט אַ שטריקל אין דער האַנט, נאָר ער קאָן ניט, וואָרים ער שלאָפט מיט דעם האָריקן איד אין איין בעט. באַם איד זיינען די פיס אינגאַנצן באַוואַקסן, ווי באַם קודלעוואַטן הונט, וואָס ער האָט אַמאָל דא פאַרטריבן. ער רייסט זיך, נאָר דער האָריקער איד שלאָגט אים מיט אַ רימען איבער דער פלייצע און לאַכט מיט געדיכטער באָרד און וואנסן:

— הי, הי, הי... באַ מיר ווער‏סטו קיין געטשלעך ניט מאַכן...
— כע, כע, כ... באַ מיר ס׳טע זיך לערנען די מעלאכע, שלאָפן מיט מיר אין איין בעט...

יויליק וויל אים צוריקשלאָגן, דעם האָריקן אידן, ער זוכט עפּעס כאַפּן, נאָר די הענט זיינען אים שווער.

ער רייסט אויף די אויגן און דער טאַטע זיינער ליגט אַזוי שטייף אין אים, אַזוי שווער, אַז ער שפּאַרט אים אינגאַנצן צו צו דער וואַנט. יויליק וויל אים אָפּרוקן, נאָר ער אָטעמט שווער און הייס: פון אָטעמען טראָגט זיך אַ האַרבער רייעך פון בראַנפן און אייל.

יויליק הויבט אויף דעם קאָפּ און זעט, ווי אַפן טישל הענגט דער טישטעך צו דער ערד אַראָפּ, עטלעכע פלעשלעך ליגן אומגעוואָרפן און לאָזן לאַנגע שאָטנס נאָך זיך. אין ווינקל אויוון ליגט אַ קנויל פעלצן און אָטעמען אַזוי שווער, פאַרדומפן און דירעוודיק, ווי אַ ריזיקע קאַלטענעוואַטע כאַיע.

יויליק וויל זען דעם אידס בערדיקן קאָפּ, נאָר ער איז אַזוי פאַרקנוילט אין פעלצן אַז מע זעט אים גארניט אַרויס. בלויז אַ מעשונעדיקער שאָטן האָט זיך אויסגעלייגט אַף דער וואַנט און פאַרקראָכן מיט אַ שטיק אין סטעליע אַריין. יוליק קוקט שטאַרק אַפן שאָטן, נאָר דער שאָטן האַלט זיך אין איין באַוועגן, ער רוקט זיך אַלץ ווייטער און ווייטער איבער די טונקעלע ווענט, אַז אָט, אָט דערגרייכט ער צום בעט זיינעם. יויליק שפּרינגט גיך פון בעט אַרויס, ער טוט זיך אָן גיך און שטיל, ער שטופּט אויף די צוגעפּרוירענע טיר איינגעהאַלטן און פאַרזיכטיק און שלייכט זיך אין נאַכטיקער גרינקייט אַריין.

ער גייט גיך איבער ווייסן זילבער, ער סקריפּעט מיט פעסטע טריט אַף פינקלענדיקע ברילי‏אַנטן און פרואווט זיך אויסדרייען פון דער לעוואַנע, זי זאָל אים ניט קאָנען נאָכלויפן; נאָר זי האַלט אים שטרענג אַפן אויג און שלייכט זיך מיט אים ביז אַ זינקענדיקער אויסגעהויקערטער שטאַל אַריין.

———

אַף דעם שטרויען געלעגערל, צווישן וואַרעמען פאַרעדיקן מיסט און בעהיימישע פּוילע ברומערייען, וואַרעמט אים וויקטאַ זיינע געפּראַרענע הענט און הויכט איבער אים מיט נאַכטיקע וואַרעמע אָטעמס.

יויליק טוליעט זיך אין שטרוי און ציטערט לייכט, ווי דער רירנדיקער סאָפּענדיקער פעלץ וואָלט אים נאָכגעיאַגט.

וויקטאַ באַהאַלט אים און שושקעט שטיל:

— דאס איז קיינער ניט, האָב ניט מוירע, יויליק...

# אין בעקעריי

(אַ פאָלקסליד)

אין דרויסן גייט אַ דראָבנינקער רעגן,
אוי, די וואלקנס, זיי האָבן זיך פאַרשפרייט,—
צייט איך האָב נאָר די בעקעריי דערקענט,
אַזוי האָט עס מיר דעם קאָפּ פאַרדרייט.

אַ מיל, אַז זי מאָלט, מאָלט זי קעסיידער,
אוי, זי מאָלט אַלץ מיט אַ ציל;
קוקט נאָר אַראָפּ צו דעם בעקער אין דער בעקעריי,
ער דרייט זיך אַזוי ווי אַ מיל.

אַ מיל, אַז זי מאלט, מאָלט זי קעסיידער,
איר אָפּשטעל איז אויך פאראנען איין מינוט;
קוקט נאָר אָן דעם קלענסטן בעקער-אינגל,
צי האָט ער אין זיך א טראָפּן בלוט.

דער בעקער מיט דער בעקערין, זיי קומען אין בעקעריי
לויט זייער רייכקייט און לויט זייער שטייגער;
זי גייט אָנגעטאָן א פאָר בריליאנטענע אוירינגלעך
און דער בעקער-מייסטער אין א גאָלדענעם זייגער.

זיי נעמען אין דער האנט ארייַן צו באקוקן די בייגל,
צי זיינען זיי ניט גרויס, צי זיינען זיי ניט קליין:
— „הער נאָר צו, דו בייגלמאכער,
דו מעגסט שוין פון דער ארבעט גיין".

דער בייגלמאכער, ער טוט זיך פארענטפערן,
אז די פלעכטלעך זיינען געווען גראָב:
דער בעקער, דער מערדער, ער כאפט א שטיק האלץ
און צעהאקט דעם פלעכטלמאכער דעם קאָפּ.

דער אויוון-מעשאָרעס, ער שטייט בא דעם אויוון,
די בייגל זיינען א ביסל פארברענט:
— "הער נאָר צו, דו אויוון-מעשאָרעס,
דו ביסט שוין פון דער ארבעט פרעמד".

דער אויוון-מעשאָרעס ער טוט זיך פארענטפערן:
— „כ'בין געווען די נאכט מיד".
דער בעקער-מייסטער, דער מערדער, ער גיט אים אן ענטפער:
— „פאר מיינעטוועגן קאָנסטו שטארבן אין גרוב". *)

וועלכער ארבעטער קאָן שוין גוט זיין,
און וועלכער קאָן שוין פאר דעם בעקער טויגן,
דעמאלט, ווען ער קריגט שוין א פאָר קרומע פיס
און דערצו א פאָר בלינדע אויגן.

*) שטארבן „אין גרוב"—באַם אויוון.

יוינע ראָזנפעלד

# אַ גאַנעוו

## I

— הונט׳ס קאָפּ! קעצענער מויעך! — שרייט מייער דער סטאָליער אף זיין לערנאינגל, וואס שטייט אף די קני און קלייעט אונטער אַן אלטער עטאַזשערקע א ניי פיסל — ניט אַזוי!

יאָסל, דאס לערנאינגל בלייבט א מינוט שטיין מיטן פענזליק אין האנט און קוקט זיך איין אף דעם אָרט, וואו ער דארף קלייען. די אויערן זיינען בא אים אָנגעשפּיצט צו הערן, וואס דער באַלעבאָס וועט אים ווייטער זאָגן; די געדאנקען זיינען בא אים פאַרנומען: אָט כאפּט ער א סטוסאַק אין פּלייצע, און דאָרטן, וואו ער כאפּט אים אָפטער, פילט ער, ווי עס הויבט אים אָן עפעס וויי צו טאָן. ער האט שוין אַפילע א פּאָר מאָל פאַרזשמורעט די אויגן — אים האט זיך געדאכט, אז עס פליט שוין דעם באַלעבאָס פויסט. און אָט-אָט...

— וויסטער קאַליקע! — שרייט ווידער מייער — דו שמירסט אויס אינגאנצן די עטאַזשערקע מיט קליי! נעם ניט אַזוי פיל!.. ס׳וועט זיין לויז. א שמאטקעלע נעם!

יאָסל וואַרפט אַריין דעם פענזליק אין פענדל קליי, רייסט אָפּ פון זיין צעריסענעם רעקל א שטיקל אונטערשלאק און וויקלט אַרום דעם צאַפּן.

שרייט שוין מייער, אַז ס׳איז צופיל. רייסט ער אָפּ א שטיקל, שמירט קרעכצנדיק ווידער אן מיט קליי אין לאזט אריין אין לאך. דערנאָך שטעלט ער זיך אויף און קלאַפּט אויבן צו מיט אַ האַמער.

— וויש אָפּ גיכער! — שרייט מייער, אָנווייזנדיק אַראָפּ מיטן פינגער, וואו עס האט אַרויסגעשפּריצט קליי.

יאָסל פאַלט קוירים און וווישט אָפּ דאס פיסל מיט דער פּאָלע פונם רעקל.

— אַזוי, — זאגט מייער, — מאָלאָדיעץ! — און גיט אים א פּאַטש איבער דער פּלייצע.

די צוויי וויכע ווערטער און דער פּאטש איבער דער פּלייצע האָבן יאָסלען צעטומלט; דער גאנצער וואַרשטאט האט זיך אים א וויג געגעבן. א פּאָר מינוט איז ער, ווי אַפן אוילאָם-האַטויהו געשטאנען, ער האט גאָר ניט געוואוסט, וואס מיט אים טוט זיך. זייער זעלטן הערט ער פון דעם באלעבאָס א ווייך ווארט, און דעמאָלט, ווען ער הערט עס, וואלט ער פאַרן באלעבאָס, ער ווייסט אַליין ניט, וואס געטאָן, ער וואלט אין פייער אַריין געלאָפן, און אים מוטשעט דאס געוויסן, פאר וואס קאָן ער ניט אַרבעטן, פאַר וואָס קאָן ער דעם באלעבאָס ניט צופרידנשטעלן. ער ווערט אַף זיך שטאַרק בייז: פארוואס דארף זיך דער באלעבאָס מיט אים אָפּעסן דאס הארץ? און אים דוכט זיך, אז ער האט טאקע א פאַרשטאָפּטן קאָפּ, אז ער פאַרשטייט גאָרניט, אז ער וועט קיינמאָל-קיינמאָל זיך ניט אויסלערנען די אַרבעט: ער וועט בלייבן א׳ קאליקע, א וויסטער קאליקע...

— נו, וואָס שטייסטו, וואס? — דערהערט ער דעם באַלעבאָס קאָל.

ער האט זיך א ווארף געטאָן צום ווארשטאט און געכאַפּט הובלעווען אַ ברעטל.

הובלעווענדיק, כאפּט ער אלע מאל א קוק צו די אַרבעטער: קענטיק איז, אז ער איז זיי מעקאַנע, וואס זיי זיינען שוין „אַרבעטער“. יענע מוטשען זיך גאר ניט אַזוי ווי ער — טראַכט ער... ס׳אַראַ לאנגע סטרוזשקעס בא זיי פליט ארויס! איז ער זיי מעקאנע... בא אים וויל גאר דער הובל ניט נעמען... ער באטראכט דעם הובל פון אלע זייטן, שלעפּט אינעווייניק די פאַראַקשנטע סטרוזשקעס. דערנאָך טאַפּט ער דעם שארף פונם הובל און פארקלערט זיך טיף: טעמפּ... שאַרף... טעמפּ... ער פירט מיטן פינגער הין און צוריק. ער ווייסט ניט, אָן וואס דערקענט מען, צי איז דער הובל שארף אָדער טעמפּ. און דאס טאפּן געפעלט אים שטארק, — דאס איז שוין מאַיסע-אַרבעטער. און אים פאַרגלוסט

זיך צוגיין צום שאַרפשטיין און אים אויסשאַרפן... וואס, ער קאָן ניט ?.. א מעציע !.. מיט איין האנט דרייט מען און מיט דער צווייטער שאַרפט מען...

— אף וואס האסטו זיך דאָרטן פאַרטראַכט ? — דערהערט ער ווידער דעם באַלע-באָס קאָל !

ער דערשרעקט זיך. הויבט אָן גיך צו אַרבעטן און פארגעסט שוין גאָר צו טראַכטן, צי איז שארף דער הובל אָדער ניט. ער פילט דעם באַלעבאָס אויגן אף דער פלייצע, וויל ער, אז יענער זאל זיין צופרידן מיט אים.

— ער האט זיך שוין צעיאָגט דער מאַמזער !—שרייט מייער פאַרדראָסיק אויס.

## II

ווען ער לייגט אוועק די אַרבעט, שפילט ער זיך מיטן באַלבאָס דריי-יאָריקן אינגל: כוק וואס מע צווינגט אים דאָס צו טאָן, האט ער דערצו שטארק אַליין כיישעק. דא האט ער די מעגלעכקייט צו שפילן; ער הויקעט ווי א הינטל, מיאַאוקעט ווי א קאַץ, מעקעט ווי א קעלבעלע, מרוקעט ווי א קו און ווי א הון, אז זי וויל זיך לייגן. און ווען דעם קינד ווערט דאָס צוגעגעסן, שפרינגט ער אַרויס און הויבט אָן טאַנצן אף אלע פיר, פאַרשפרינגט ערגעץ און באַהאלט זיך און לאזט פון דארט אַרויס מעשונעדיקע קוילעס. דאס קינד זוכט אים, און מיטאמאָל שפרינגט ער אַרויס, דאס קינד לאָזט ארויס א געשריי פון שרעק מיט פרייד צוזאמען. ער כאפט דאס קינד אף די הענט. זעצט דאס בא זיך אף די קני, און דא הויבט זיך בא אים אָן אַ נייס: „זאג, ווי אזוי הייסט דער טאַטע“—און איידער נאך דאס קינד ענטפערט אים, פארכאפט ער אף פריער: „זאג, מייער!“—ער האָט זייער ליב צו זאָגן דעם באלעבאס נאמען: דער נאמען איז בא אים ווי א מין הייליקייט, דערפאַר וואס ער רופט אים קיינמאל באַם נאָמען ניט, נאָר „באלעבאָס“.

— און ווי אזוי הייסט די מאמע ?—פרעגט ער ווייטער.

— די מאמע ? — פרעגט דאָס קינד פארקלערט.

דאָ כאַפּט ער זיך שוין ניט אזוי גיך און לאָזט אביסל דאס קינד קלערן, כאָטש די באַלעבאָסטע רופט ער אויך קיינמאל באם נאמען ניט, זי שטייט אָבער בא אים אסאך ני-דעריקער פונם באַלעבאָס.

— זאָג, ראָכל ! דער טאטע—מייער, די מאמע—ראָכל, דער טאטע—מייער.

אָט אַזוי קאָן ער אָפּזיצן א שטיק צייט, ביז דאס קינד ווערט מיד אים נאָכזאָגן. דאַן ווערט אף עטלעכע מינוט שטיל: ביידע, יאָסל מיטן קינד, פאַרטראַכטן זיך טרויעריק. דאס קינד הויבט אָן ציען אין שטוב אַריין, יאָסלען גיט א קלאַפּ דאָס האַרץ: ער האט מוירע בלייבן אַליין אין דעם האַלב-פינסטערן וואַרשטאַט. אַז ער בלייבט אַליין — טראַכט זיך באַ אים, און טאָמיד קומט אים אין די געדאַנקען זיין געשטאָרבענע מוטער...

— יאַנקעלע, ווילסט, איך וועל דיר מאַכן אַ פערדעלע ?

— אַ פערדעלע ?

— יאָ, אַ פערדעלע. איך מאַך אַ שיין פערדעלע.

— נו, מאַך שוין,—זאָגט דאָס קינד טרויעריק און נעמט דאָך ניט אַראָפּ די אויגע-לעך פון דער טיר, וואָס פירט אין שטוב אַריין.

— איך מאַכן אַ שיין פערדעלע,—שרייט אויס יאָסקע נאָכאַמאָל און הויבט אָן זוכן אַ ברעטל: אַ שיינס, ס'וועט האָבן אַ ווײדעלע.

— פיסעלעך ?

— פיסעלעך אויך. וואָס דען ?

ער כאַפּט אַ שטיקל ברעטל און הויבט אָן שניצן. דאָס קינד קוקט אין די הענט אַריין.

אָ שיין פערדעלע וועט יאַנקעלע האָבן.

— מיר מאַכן אַ קיעלע אויך?

— וואָס דען? וואָס דען?... אַוואַדע... יאַנקעלע איז אַ שיין אינגעלע, איך האָב אים ליב!...

א פּאָר מינוט איז שטיל.

— אַך, ווערט יאַנקעלע האָבן אַ פערדעלע!

— נו, גיב מיר שוין פערדעלע!

— אַ, דו, אַזוי גיך?

דאָס קינד הויבט אָן מאַכן פיסקעס און לאָזט זיך אין שטוב.

— יאַנקעלע, וואוהין-זשע גייסטו?

דאָס קינד ענטפערט ניט און קייקלט זיך אַריין אין שטוב, פאַלנדיק איבער שטיק-לעך האָלץ.

— איך האָב דיך שוין פיינט, — בורטשעט אין זיך יאָסל, אים בייז נאכקוקנדיק: אַ פייג האָסטו בּאַ מיר, ניט קיין פערדעלע—אויס!...

## III

שאבּעס גייט יאָסל אוועק נאך וואַרעמעס און קומט, ווען מע האָט שוין אָנגע־צונדן פייער. אין וואַרשטאַט איז פינסטער (שאַבּעס צו-נאַכט צינדט מען קיינמאָל קיין פייער ניט אָן). דעמאָלט איז אים שטארק אומעטיק אפן הארצן, און ווען ער האַלט ניט וויינען פאר קיין מיעסע זאַך, וואָלט ער טאָמיד שאַבּעס-צו-נאַכט געוויינט, אזוי איז אים אפן הערצל שווער... און דערצו נאָך דאַרף ער זיך געפינען איינער אליין אינדערפינסטער. ער קוקט אין דער פינסטערניש, און די פינסטערניש אין אים. און די שווארצע ווארשטאטן שטייען, ווי פאַרזונקען אין שווערע געדאַנקען, און ערגעץ דאָרטן פון אַן עק ווארשטאַט הערט זיך אַ גוואַלד פון אַ פליג: זי בלייבט שטיל און הויבט אָן ווידער שרייען. יאָסל ווייסט דאַפקע, אַז דאָס שרייט א פליג: א שפּין האָט זי מיסטאָמע געפאַקט ערגעץ און דערציילט איר איצט די מאַיסע. ער האָט דאָס אפילע ליב צו טאָן — כאַפּן אַ פליג און אַריינוואַרפן זי אין שפּינוועבס און זיך אוועקשטעלן קוקן, ווי די שפּין מאָטעט איר ארום די פיסלעך און די פליגעלעך און זי שרייט — שרייט. איצט איז אים דאס געשריי פון דער פליג אַזוי שרעקלעך, אַז ער ציטערט אַזש. ווען ער האָט ערגעץ צו גיין, וואָלט ער פון דאַנען אַוועקגעאַנגען; נאָר ער קלערט ניט וועגן דעם. וואוהין וועט ער גיין? ער ווייסט, אַז ער איז אַן עלנטער... שקראַבּעט ער זיך שוין צו צום פענסטער און קוקט אין דרויסן אַרויס, איז אָבער איצט אין דרויסן אזוי פינסטער, אַז עס פאַלט אָן אַ פאַכעד. אָט גיט א בּליק, און די גאַנצע פינסטערקייט גיט זיך עפּעס אַזוי ווי אַ טרייסל הין און צוריק און בלייבט צוריק ליגן, ווי אַ גרויסע שוואַרצע שטיק קויל. קיין הייזער זעט מען ניט, נאָר פענסטער. און ס׳דאַכט זיך, אַז די פענסטער זיינען איינגעמויערט אין דער פינסטער-ניש און האַלטן זיך אין איר. און אָט האָט זיך אַ ווינט אויפגעהויבן, א סווישטשעריי אין פענסטער, אַ קלאַפּעריי פון לאָדנס. איין פענסטער נאָכן צווייטן ווערן פאַרשוואונדן, ווי דער ווינט וואָלט געריסן שטיקער פינסטערניש און אין די פענסטער אַריינגעוואָרפן.

— יאָסל! פאַרמאַך די לאָדן!—הערט זיך פון ערגעץ דעם באַלעבאָס קאָל.

## IV.

יאָסל איז אַן עלנטער. זיין נעשאָמע דאָרשט נאָך א ווייך וואָרט. ער איז אזוי גליק-לעך, ווען דער באַלעבּאָס ווארפט אַף אים אַ פריינטלעכן קוק, ווען ער זאָגט אים „מאַלאָ-דיעץ״. דעמאָלט ווערט יאָסלען וואַרימער און ליכטיקער אַף דער נעשאָמע. קעדיי צו פאַר-דינען דעם באַלעבּאָס אַ גוט וואָרט, האָט ער איינמאָל באַשלאָסן אויפשטיין גאַנצפרי—פרי-ער נאָך ווי דער באַלעבּאָס אַליין, און זיך נעמען צו דער אַרבעט.

ער האָט זיך אויפגעכאַפּט און אַ קוק צום פענסטער געוואָרפן... פינסטער... דערפריייט ער זיך שטאַרק. ער טוט זיך אָן גיך און לאָזט זיך גיין אין קיך נאָכן לעמפּל מיט אויס-געשטרעקטע הענט פון פאָרנט. אָט טאַפּט ער עפּעס אָן... וואָס איז דאָס? די שאַפע... ער גייט ווייטער... אָט טאַפּט ער אָן עפּעס שטעכעדיקס... א זעג... און דאָס?... סע פאַלט עפּעס, סע הערט זיך נאָך אַ שטאַרקערער קלאַפּ, און פּלוצים, ווי פון דער נאַכט ארויס, דערהערט ער אַ בייז קאָל: „וואָס טוסטו דאָרט?".

ער בלייבט פאַרגליווערט, ענטפערט אין אַ מינוט אַרום: „איך... איך..."

—וואָס „איך", „איך"? הונטס קאָפּ דו! וואָס דרייסטו זיך ארום?!!

— איך האָב געוואָלט... איך וויל!..

— אין דער ערד מיטן קאָפּ! פאַר וואס שלאפסטו ניט?!

ער וויל זאגן, אז ער איז אויפגעשטאַנען צו דער אַרבעט. נאָר עפּעס שעמט ער זיך... ער שטייט, האָט שוין מוירע א טריט צו טאָן... דער קאָפּ זיינער איז אויסגעדרייט אהין, פון וואַנען דאָס קאָל גייט. ער וואַרט. דער באַלעבאָס זאל אים ווידער פרעגן; איצט וואלט ער שוין געזאָגט, אז ער איז אויפגעשטאנען צו דער אַרבעט, ער הערט שוין אבער גאָרניט, און די שטילקייט ווערט נאָך געדיכטער און דריקנדער ווי פריער, און דאָס הארץ זיינס ווערט אויך באַדריקט, ווי פאַרן וויינען... ער דערפילט זיך אזוי עלנט... דאָס הארץ קלאַפּט... ער האָט מוירע... די שאַפע אָן טירלעך איז אנגעשטאָפּט מיט נאכט אינעווייניק... די קאַמער... א גרויסע זאַך, ווי א מויל פון דער נאַכט... און דאָרטן וואָס איז?.. אזוי ווי אַ קאָפּ... עפּעס שעלעשטשעט הינטער אים... עמעצער סאפּעט... אין דער פלייצע קיצלט... אַרום האלז אויך—פּונקט ווי עמעצער וואלט אים מיט א קאַלט בענדעלע ארומנעמען... די האָר אפן קאָפּ קיצלען... ער גיט זיך א טרייסל, סע הויבט אים אן שווינדלען פאַר די אויגן... עפּעס איז דורכגעלאָפן... אָט איז דאָס... עמעצער זיצט... א פּאָר לאַנגע פיס... הענט... אַ קאָפּ... א פּאָר גרויסע אויגן...

ער וויל א געשריי טאָן און פאַרכאַפּט זיך. ער מאַכט זיך הארץ און לאזט זיך ווייטער גיין.

— וואָס פאַר א רוכעס טראָגן אים היינט ארום?!!

— גיי נאר, טו א קוק,—הערט ער דער באַלעבאָסטעס קאָל.

ס'עפנט זיך איין טיר, די צווייטע, און אָט באַווייזט זיך אין דער פינסטערניש עפּעס א ווייסע שטיק...

— ווער איז דאָרט?

יאָסל האָט מוירע צו ענטפערן.

— יאָסל?

— איך,—רעדט ער קאָם ארויס.

— וואו ביסטו דארט ערגעץ?

— אט בין איך, ענטפערט ער שטיל.

— וואָס טוסטו דארט?

כאָטש ער האָט שוין איצט אנגעוואָרן אינגאַנצן דעם כיישעק צו דער ארבעט, דאך ענטפערט ער:

— איך בין אויפגעשטאנען צו דער ארבעט.

— וואָס צו דער ארבעט האט מייער אויסגעשריגן: צו דער ארבעט איצט?.. דו מאמ-זער דו! דריי אזייגער צו דער ארבעט? דו גאַנעוו דו! אהערצו גיי!!

— וואָס, צו דער ארבעט איז ער אויפגעשטאנען?—פרעגט די באַלעבאָסטע פאַר-וואונדערט.

— אַזאַ גאנעוו! צו דער ארבעט, זאָגט ער, איז ער אויפגעשטאַנען. אזא מין הונט'ס קאָפּ! וואָס זאָגסטו, ער וויל פארדרייען... אהערצו גיי!

— דער רובל וואָס פעלט,—רעדט ווידער די באַלעבאָסטע פון שלאָפצימער ארויס:— מוז אויך זיין זיין אַרבעט.

— צי ער איז א גאַנעוו? נו, נו! איך ווייס שוין פון לאַנג, א... אזא מין... נו, גיי האַלט אזעלעכס אין שטוב, לאָז אזעלעכס איבער אין אַ ווערקשטוב, ער קאָן אַרויסטראגן, וואָס ס׳איז דא: מע דאַרף א סאַך? ער לייגט אריין א שטיקל געצייג אין קעשענע און טראָגט דאס ארויס... מע דאַרף זיך אומקוקן, כ׳ווייס?—עפשער פעלט שוין עפּעס... ער שטייט נאָך, דער מאַמזער, ער ווארט איך זאָל צו אים צוגיין. וואָס שטייסטו דארט? אהערצו גיי!

— לאָז אים דארט אפּ, וועסט אים אינדערפרי אויך טרעפן!

— אַהערצו גיי!

— ער וועט איבער נאַכט ניט אנטלויפן!

— ניין, אז ער איז אַן אקשן—בין איך נאך א גרעסערער!

אַ פּאר מינוט איז שטיל. סע הערט זיך נאָר יאָסלס איינגעהאַלטנער געוויין.

— מייער, פאָלג מיך, גיי שלאָפן!

ווידער שטיל.

מייער באַרעכנט ענדלעך, אז באַנאַכט איז טאַקע ניט קעדאַי צו מאַכן געשעפטן און לאָזט זיך מיט קאַס צוריק אין שלאָפצימער, וואַרפט זיך אריין אין בעט מיט דעם געדאנק, אַז מארגן וועט ער זיך שוין מיט אים אפּרעכענען...

יאָסל איז געבליבן זיצן באַם קאמאָד און געווארט אף זיין פסאקדין.

## מענדעלע מויכער-ספאָרים

# קלייט-מעשארעס

די מאמע מיינע האָט געלעבט אין דאכקעס און ניט געהאַט פּאָשעט מיט וואָס אַ טאָג איבערקומען. זי פלעגט ארבעטן זאָקן, פליקן פעדערן, זיך שטעלן אמאל פאר אַ ווארטערן בא א קינפעטאָרן און אונטער א פייסעך וועלגערן מאצע, זי פלעגט טאָג ווי נאכט ארבעטן, טאָן, און פון איר גאנצער ארבעט קאם געהאט וואסער אף קאשע. ווייבערשע מעלאָכעס האָבן קיין ווערט ניט בא דער וועלט און ווערן זייער שלעכט באַ-לוינט.

פונם טאטנס יערושע איז געווארן א גוטער סאכאקל: צוויי מיידלעך מיט א אינגל זיינען געשטאָרבן, מע קאָן טאקע זאגן, פּאָשעט פאר הונגער. איין גרויסער באָכער האָט ערגעץ זיך אוועקגעשלעפט און איז פארפאלן געווארן אף היינטיקן טאג, מע ווייסט אדאיאַם ניט וואו זיין געביין איז אהינגעקומען. נעבן דער מאמען איז געבליבן א קראנק, שלאַף מיידל, אינגאנצן א צעבראָכענער שארבן, און איך, שלימאזל, וואָס איך בין געזעסן אפן האלז. איך פלעג אלץ בעטן עסן, עסן! כאָטש וואָס עס איז, אבי עסן!

די מאמע האט געליטן און ניט געוואוסט, וואס מיט מיר צו טאן. לייט פלעגן זי ראטן מיך אוועקצוגעבן צו א באלמעלאכע, נאָר זי פלעגט פארווארפן מיטן קאָפּ. גאָט האט צום סאָף דער מאמען געהאָלפן, מיך אריינצוגעבן אין א קלייט פון צעלניק.

מיין אואודע איז געווען אָנצוכאפן איטלעכן, וואָס איז דורכגעגאנגען, מיט א ליאַ-רעם, מיט א געשריי און שלעפן אים אין קלייט אריין. איז עמעצער פארבייגעגאנגען אף דער גאס, פלעגט מען מיך אָנרייצן, אזוי ווי א הונט, און איך האב באַדארפט ארויסלויפן, שרייען אין איין אָטעם: אהער, פאני! וועבלענע טיכלעך, לייוונט, שלייקעס, מעסערלעך, קאַלאָשן אַמעריקאַנער, יאַם-שוימענע שטעקעלעך, מאַנדל-זייף, פּאָמאַדע! אוכדוימע נאָך אַזעלכע זאַכן.

טכילעס איז מיר דאָס געווען אַביסל פּריקרע, ווי גייט מען עס גלאַט אַרויס שרייען אַף דער גאַס און פאַרשטעלן יענעם דעם וועג,—ס׳איז דאָך עפּעס מעשונע ווילד! איך פלעג אַביסל אונטערפאַלשעווען, מאַכן די שפּיל בעקיצער און אַריינבּרענגען דורך דעם אין קאָס מיין באַלעבאָס מיט דער באַלעבאָסטע, וואָס פלעגן מיך זידלען, אויסמישן גלייך מיט דער בלאָטע און אויפוואַרפן מיר, אַז איך פרעס אומזיסט זייער זאַלץ און ברויט, כאָטש איך האָב געהאָרעוועט, געאַרבעט איבער מיינע קויכעס און געטאָן קאָלערליי מעלאָכעס אין קלייט און אין שטוב.

דערצו נאָך בין איך געווען אַ מעשאָרעס באַ די עלטערע מעשאָרסים, פלעג זיי פּאָלגן אין פייער און אין וואַסער אַריין, קריכן זיי אונטער די נעגל און בין זייער געגן געוועץ, אַז איך האָב דערבּיי פון זיי ניט געכאַפּט קיין כסאַק און טרוקן פון זייערע הענט אַרויס. ווער שמועסט, ווען אַ מעשאָרעסל פון דער אַנדערער קלייט פלעגט אַמאָל אַרויסרייסן אַ קוינע באַ מיר פון די הענט, דאָ האָב איך שוין געמעגט זיך געזעגענען מיטן לעבן, אַלע באַ אונז אין קלייט זיינען אָף מיר אַרויף, דער מיט דער צונג, דער אַנדערער מיט דער האַנט און מע האָט מיר געגעבן וויפל אין מיר איז אַריין. מיין מאַמע און דער טאַטע, רעב טעוול דער מעלאַמעד, אָלעוו האַשאָלעם, האָבן דענסטמאָל אויך גוט גע-לייזט. מע האָט זיי, כאָלילע, ניט פאַרגעסן. געגעבן אי אין דער מאַמען, אי אין דעם טאַטן אַריין, העט-העט ביז „אווראָהאָם אווינו״! פון עסן אין אַזאַ ביטערן שווערן טאָג איז גאָר קיין רייד ניט געווען. מע האָט מיר אַפילע מאַטיר געמאַכט עסן ווערעם, קרענק, נאָר אַזוי ווי עסן ווערעם, קרענק איז ניט פאַר קיין מענטשלעכן מאָגן, האָב איך פאַרבראַכט דעם טאָג פאַשעט אין אַ טאָנעס, און אַזעלכע טאַנייסים פלעגן מיר אָפט זיך מאַכן. אַ פּאָר מאָל אין וואָך.

אַז איך האָב אַ קוק געטאָן—ס׳איז שלעכט, האָב איך אַ נעם געגעבן זיך צו מיין זאַך בישליימעס. ווי באַלד אַז עמעצער, וואָס דאַכט זיך נאָר, אַז עס איז אַ קוינע, האָט זיך נאָר אַ ווייז געטאָן פונדערווייטנס, אַז מיינער האָט ווי אַן אָפּגעריסענער הונט פון דער קייט געשווינד אַנקעגן אים זיך אַ לאָז געטאָן, פאַרשריגן אים דעם קאָפּ מיט דעם גאַנצן צעטל סכוירעס, אים פאַרלאָפן דעם וועג און געשלעפּט פאַר די פּאָלעס. איך פלעג אַפילע אַמאָל פון אַזעלכן באַקומען אַ קלאַפּ אָדער אַ שפּיי אין פּאָנים, אָבער איך פלעג טאַקע טאָן דאָס מייניקע, גלייך ווי מיר איז גאָרניט געשעען. מיט דער צייט האָב איך זיך דערינען אַזוי איינגעוואוינט, אַז דאס שרייען איז באַ מיר געווען אַ כעדווע, אַ פרייד.

דערדאזיקער איניען-האַמיסכער מיינער אַף דער גאַס פלעגט מיך אפט ברענגען אין אַ סיכסעך מיט מעשארסים פון אַנדערע קלייטן, וואָס פלעגן אויך אנכאַפּן קוינים און שריי-ען. מיר האבן זיך געריסן אין דרויסן, אַקוראַט ווי אונזערע באַלעבאַטים האָבן זיך געריסן צווישן זיך אינעווייניק אין די קלייטן איבערן לייזעכטס, ניט מער נאר מיט דעם כילעק: באַ זיי האט מען געווארפן מעקאכים, אַראפּגעלאזן די פרייזן, און באַ אונז, מעשארסים, האט מען געווארפן קלעפּ, אַראפּגעלאזן פעטש, און אַזוי ווי איך בין געווען דער קלענסטער, איז פאַרעכנט געווארן פאַר אַ מיצווע, די אַלע בעסטע קלעפּ מיט די אַלע הייסע פייערדיקע פעטש אַלפּי מענטשלעכקייט מיר איינעם צו לאזן.

אַזעלכע מאַטאנעס זיינען אבער מיר ניט וואויל געקומען און פון אַזעלכע מיצוועס אַלפּי מענטשלעכקייט בין איך אויס מענטש געווארן. האגאם צו אַזעלכע מינע מיסכארים איז אַ מענטש ניט אַזוי שטאַרק נויטיק, אַן דעם קאן מען אויך זיין אַ „מענטש״, אַ מע-שארעס, הייסט עס, נאר קויעד, געזונט אבער באַדאַרף מען טאַקע דאך האבן, און איך בין געווארן פאשעט און פאשעט אויס מענטש, דאס הייסט, אַן קויעך, אַן קראפט, קאם וואס איך האב מיך געהאלטן אף די פיס. א קאטאוועס, וואס איך בין נעבעך אויסגעשטאַנען! אין שטוב האב איך געדארפט טאָן, העלפן אין באַלעבאַטישקייט, אין קלייט האב איך באַ-דאַרפט אַרבעטן, ראמען, קערן, איטלעכן באַדינען, איטלעכן צופרידנשטעלן, און עסן פלעג

איך יעסורים. קלעפּ האָב איך געלייזט פון פרעמדע און פון אייגענע. פונדעסטוועגן וואָלט איך עס אַלץ געוועזן אַריבערגעטראָגן, ווען עס זאָל זיך ניט געוועזן מאַכן די מאַיסע מ׳ט אַ קנעפּל.

איך האָב אַמאָל דערזען אין קלייט וואַלגערנדיק זיך אַ מוטערפּערלען קנעפּל, וואָס האָט געפינקלט, געלויכטן מיט אַלערליי קאָלירן, און פאַרשיינט די אויגן אַזוי, אַז איך האָב באַקומען צו אים אַ גרויסן יעיצער-הארע, דערבײַ איז מיר אַרויף אַף דעם זינען מײַן קראַנקע שוועסטערל, איך וועל עס איר גיבן אַ מאַטאָנע, זי וועט אַ שאַבעס, אַ יאָנטעוו דערמיט אויספּוצן זיך און זיך באַרימען פאַר אירע כאַווערטעס.

דערדאָזיקער געדאַנק האָט מיר נאָך מער אונטערגעגעבן כיישעק, און, אַז איך האָב גענומען דאָס קנעפּל און עס אַרײַנגעלייגט אין קעשענע, איז דער גרויסער מעשארעס, וואָס האָט עס אינגאַנצן פונדערווייטנס צוגעזען, באַלד צוגעלאָפן צו מיר מיט אַ געשריי: „אַזוי, שייגעץ, גאַנעוו איינער, דו לייגסט אין קעשענע? זעט איר, באַלעבאָסטע—האָט ער געזאָגט—יענע זאַכן, וואָס האָבן געפעלט, איז אויך זײַן אַרבעט!“ דאָס האָט ער שוין געזאָגט בעקיוון, קעדיי אַרויפצוואַרפן אַף מיר זײַנע כאַטאָים, אַפאַנים... קורץ, מע האָט מיר געמאַכט אַ וויסטן, אַ פינסטערן סאָף. גוט אויסגעפּאַטשט און אַרויסגעטריבן.

## מענדעלע מויכער-ספֿרים

# בײַ לייזער דעם שניידער

איך בין אַרײַנגעטראָטן פאַר אַ לערנאינגל צו לייזער דעם שניידער.

לייזער איז געוועזן אַ קליין דאַר אידל מיט אַ בלייך פּענעמל, זייער אַ ספּריטנע, אַ ריִרעוודיקער ווי קוועקזילבער, מיט אַלע שניידערשע פּאַסטעמקעס—אַ פּאַלגע מיט די ביינער. מע האָט אים געקאָנט רופן אי אַ ווייבערשער, אי אַ מאַנסקער, אָדער, נאָך גלייכער, ניט קיין ווייבערשער און ניט קיין מאַנסקער, ווײַל ער האָט זיך אונטערגענומען נייען אי ווייבערשע, אי מענערשע קליידער, אַלצדינג אין דער וועלט, אַפילע אַ היטל אויך, און קיין איין זאַך ניט רעכט געקענט. אונטער זײַנע הענט פלעגט אַ קליידל מעגולגל ווערן אין אַ שלאַפראַק, אַ שלאַפראַק אין אַ קאַפּאָטע, אַ קאַפּאָטע אין אַ קליידל און אַ קליידל אין אַ קינדער-לייבל.

דערצו איז ער געוועזן אַ בעריע. סע האָט בײַ אים געקלעקט מאַטעריע טאָמער אַקוראַט וויפל מע באַדאַרף. און אים איז נאָך אויך איבערגעבליבן אַ היפּשער שטיק. אונטער אַן אָסיען, די רעכטע צייט, ווען בײַ אידן אין דער פאַמיליע הויבן אָן קליידער איבערגעניצעוועט און מעגולגל ווערן פון איין מאַלבעש אין דעם אַנדערן, דענסטמאָל איז ער געווען פאַרוואָרפן מיט אַרבעט.

אַ ציִנגל האָט לייזער געהאַט אַ געשליפנס, זייער אַ געלויפיקס. אַז עמעצער פלעגט וועלן אים אויסמאַלן ווי ער זאָל אים נייען, האָט ער יענעם ניט געלאָזט אויסרעדן, פאַרכאַפּט און גערעדט אַלץ אַליין.

— איך וויים, איך וויים-וויים-וויים! זייט זיכער, איך וועל אייך מאַכן אַ שטיקל אַרבעט נאָך בעסער, ווי איר האָט אַליין געוואָלט. דאָס ערשטע מאָל איז מיר דען צו מאַכן אַזאַ אַרבעט? איך וויים, זייט זיכער, איר וועט צופרידן זײַן.

באַם אָפּברענגען די אַרבעט, אַז יענער פלעגט זאָגן—דאָ קוועטשט אים, דאָ קנייטשט זיך, דאָ איז שמאָל, דאָ ליגט ניט גוט, פלעגט לייזער גאָרניט וועלן הערן, אַלץ גערעדט, גערעדט און פאַרשאָטן מיט רייד:

— כאָלילע, ווי פאַלט אייך אויס אַזוינס צו זאָגן, סע הויבט ניט אָן אַפילע זיך צו קנייטשן! גיט נאָר אַ צי, זייט מויכל, אַהין אַביסעלע, סע ליגט גוט, אַזוי ווי אויסגעגאָסן,

נאַט אייך נייס — ס׳איז שמאל! וואס הייסט שמאל? אַז סע טאר ניט זיין שמאל! איר האט ערשט אפגעגעסן און זיינט אַביסל פול, דאַכט זיך אייך אויס, אַז ס׳איז שמאל. איך זאל פאַרקריינקען אין דעם היגן העקדעש, וואס ס׳איז מיר דערפון אַראפגעפאַלן, באַ מיינע אידישע נעמאנעס, מ׳איז קאם אויסגעקומען ווי מיט קרעפל-פלייש. ס׳איז איבערגעבליבן פונם אונטערשלאַק אַ שמאל פאַסיקל פערקעל, האב איך אייך עס אפגעבראַכט. בעסער, ווי איך האב עס אייך געמאַכט, וועט מען ערגעץ ניט מאַכן. איר וועט זיך אַביסל איינגיין. וועט איר געוואוינט ווערן — טראגט געזונט!

לייזער דער שניידער האט גלייך באַ מיין אנקומען צו אים גענומען מיך שטאַרק אין דער אַרבעט און מיט מיר אנגעהויבן דעם אַלעפבייס פון דער מעלאכע. דער אַלעפבייס איז ניט באַשטאַנען דערינען, ווי מע האַלט די נאדל, ווי מע באַדארף אַ שטאך טאן — ניין! דאס איז נאך געווען צו פרי, דעמדאזיקן קאוועד האט מען מיר נאך לאַנג ניט אפגעגעבן. לייזער האט מיט מיר אנגעהויבן פון דער האַסכאלע — פון זיין פאמעניצע, האלץ טראגן און נאך אַזעלכע זאַכן, ווי ס׳פאַסט צו אַ שניידער, דעהיינע, גיין אין מאַרק נאך קאשערע פאדים, אַריינשטעלן פרעסלעך וואַרעמען אין אויוון, אין לייזערס שטוב גופע, אדער ערגעץ באַ אַ שאכן; זוכן אַ מאל צען אין טאג אונטער דעם טיש, אונטער די בענק דעם פינגערהוט אדער אַ דין נאדעלע; אַרויסשלעפן פאסטריגעס און אפטראגן מיטן באַלעבאס ערגעץ אַ שטיקל אַרבעט. און אַזוי ווי לייזער האט געהאַט אַ ווייב, אַ באלעבאסטע, אַ בעריע אַ אידענע, האט זי זיך מיט מיר שטאַרק אפגעגעבן, אויסגעזוכט פאַר מיר טאמעד אַרבעט און מיר ניט געלאזט כאלילע ליידיק זיצן קיין רעגע. די מאַמע מיינע האט נאך לעסאַטע ניט געהאַט זיך וואס צו שעמען מיט מיין מעלאכע, און מיין טאַטע רעב טעוול דער מעלאַמעד האט נאך רואיק געקאָנט ליגן אין קייווער: זייער זון האט זיי נאך ניט פאַרשוואַרצט דעם פאנים: ביז דער נאדל איז געווען גאַנץ ווייט. און מעקויעך שלאגן האט מען זיך ניט געדונגען. אַמאל האט מיך געשלאגן לייזער, אַמאל לייזערס ווייב און אַמאל טאַקעביידע איניינעם.

קיין האניק האב איך באַ לייזער דעם שניידער ניט געלעקט, איך האב געאַרבעט אין שטוב ווי אַן אייזל און געכאַפּט פון אַלע זייטן קלעפּ, הייסע פייערדיקע פעטש, דענסטמאל האב איך געמיינט, אַז דאס אלצדינג מוז אַ לערנאינגל טאן און אַן דעם, כאלילע, דאס הייסט, אַן פאמעניצעס טראָגן און אַן קלעפּ וועט ער ניט קאָנען זיין קיין באַלמעלאכע, אַקוראט ווי אַן קלעפּ קאָן מען ניט לערנען און מאַכן פאַר אַ לאַמדן.

אַ שפיגעלע האב איך פאַר מיר געהאַט לייזערס אַן אַרבעטער, אַ דאַרער און אַן איינגעהויקערטער, אויסגעבלייכטער באכער, וואס האט זיינע בעסטע יונגע יארן פאַרבראכט באַ לייזערן אין שטוב, געטאַן אוואוידעס-פערעך און געליטן, ביז ער איז געקומען צו דער מאַדרייגע האַלטן אַ נאדל אין דער האנט און שטשאָבען. דעריבער פלעג איך צונעמען מיט ליבע אלע פעטש און אַפילע ניט הויך וויינען.

איינמאל אונטער אַ פאַרפייסאך רופט דער באַלעבאס צו מיר זיך אן:

— איציק-אַוורעמל גיב נאָר אַ שפרונג אין קרעמל, כאַפּ, פאַרכאַפּט זאָלסטו ווערן, פאַר אַ גראָשן קאשערע פאָדים און באַוואַרף, וואַרפן זאָל עס מיט דיר, אָט פון דעמדאָזיקן קלייד דעם פעדער-קיילעך, דערנאָך דעם אונטערקיילעך, זשיווא, מאַמזער.

איך געדענק, ווי שטאַרק איך האָב מיך דערפרייט דענסטמאָל אַף דעם קאָוועד, — זיצן באַם טיש און האַלטן אַ נאָדל, גלייך ווי מע האָט מיך אַף אַ כאַסענע מעכאַבעד געווען האַלטן די כופע-שטעקנס. הײדאַ! איך האָב מיך אַנידערגעזעצט באַם טיש אַנקעגן דעם אויס עבלייכטן באָכער, פריילעך, לוסטיק, און מיט ביידע הענט געהאַלט, דעם אונטערקיילעך, ווי עפּעס אַ טייערע זאַך, אַן עוון-טאָוו.

דער שניידער האָט אַף אַ ביי-קעלכל צוגעזונגען אַ שטיקל פון קאל.ידרע, באַלד א „מעלעך-עליון״, באַלד איז ער איבערגעגאַנגען אין אַ מאַרש, צוגעשאָקלט מיטן קעפּל און צו-

געפויקט צום טאַקט מיט די פּיסקעס. באַלד האָט ער געזאָגט אַ האַמצאַעלע איבער מיר, איבער דעם אויסגעבליייכטן באָכער, און דערביי אַרויסגעשטעקט אַ שפּיץ צינגל, באַלד האָט ער געזונגען ווייגעדיק, ווי מע באַזעצט אַ קאַלע, און באַלד האָט ער געזאָגט, ווי דער מאַרשאַלעק, גראַמען.

— זשיוואָ, איציק-אַווּרעמל! — האָט ער דערווייַלע טאַקע געזאָגט מיט אַ ניגן — שנייד אָפּ דאָס ליכט, מאַמזער! — גיי גיכער, אָנגעבלאָזענע צורע! אַביסל גיכער, איציק-אַווּרעמל, כאַפּ באַ מיר ניט, מאַמזער, קיין דרעמל.

און איך שטאָך דא שטאָך, שטאָך דאָ שטאָך אין קלייד, אין די פינגער, וואו עס האָט זיך פּאַפּאַדעט. נאָר ווער הערט אַ שטאָך בעשאַס אַפן האַרצן איז פרייַלעך?...

פלוצים אָבער האָט זיך אַף מיר אָנגערוקט אַ כמאַרע.

אין דער גאַנצער שטוב האָט אָנגעהויבן שטינקען סמאַלינע. מע זוכט דא, און מע זוכט דאָרט, און מע געפינט לעסאָף, אַז באַ מיר, שלימאַזל, סמאַלעט זיך דער אונטער-ריילעק, וואָס איך האָב באַוואָרפן! וואָרים בעשאַס איך האָב אָפּגעשניצט די ליכט, איז אַ שנויץ דערויף אַרויפגעפאַלן! אַ גוואַלד, אַ געשריי, אַ געפילדער. וואַלאַי פעטש, קולעקעס און קלעפּ זיינען מיר געפאַלן, ווי האָלץ. איך האָב גענוג געהאַט פאַר דאָס מייניקע.

דער שניידער פרואווט זיך מאַכן פון דעם אונטערכיילעק אַ פעדערכיילעק, אַרבל, — סע גייט ניט! ער האָט שוין נעבעך פונם קאַסטן אַרויסגענומען דעם שטיק רעשט פון דעם קלייד, נאָר מוטשע זיך, סאַנעציען, פון היינט ביז איבעראַיאָר! סע גייט ניט! דער אונטערכיילעק מוז טאַקע בלייבן אַן אונטערכיילעק, פון אַ כאַזערש עקל קאָן מען קיין שטריימל ניט מאַכן..

— הער נאָר אויס, איציק-אַווּרעמל! — האָט געזאָגט לייזער — הער אויס, מאַמ-זעריק, יונגאַטש איינער! אַ קרענק דיר אין די ביינער! פאַטשן דיך האָב איך שוין מער קיין קויעך ניט, אַז די באַלעבאָסטע וועט קומען פונם מאַרק, וועט זי דיך מיסטאמע אויך דערוואַרעמען אַביסל און אויסטאַפּן דיר די ביינדלעך, זי האָט אויך אַזאַ רעכט, גלייך ווי איך, און זי וועט אירס ניט שענקען. נאָר דאָס אַלצדינג אָבער איז אַלץ גאָרניט אַקעגן דעם, וואָס דו וועסט ערשט לייזן שפּעטער, בעאייס סע וועט מיר ניט איינגיין מיין האסבארע.

לייזער דער שניידער האָט באַלד טאַקע זיך פאַרטראַכט איבער דעם אונטערכיילעק און גערעדט צו זיך אַליין: „פאַרוואָס ניט טאַקע אַ קעשענע... פונם לאַך אַ קעשענע?.. אי וואָס?... עט, מיילע, וואָס מאַכט עס אויס?"... דערנאָך האָט ער אויסגעשטעלט אַף מיר אַ פאָר אויגן און אַ געשריי געטאָן:

— פאַשאָל וואָן, מאַמזער! „אַלע-לולע (הללוהו) קאָל צעוואָאָוו. — היינט זאָלן מיט דיר האַנדלען!

איך האָב מיך אַרויסגערוקט פון אונטערן טיש, ווי אַ קעצעלע, און געוואַרט מיט אַ פאַרקלעמט האַרץ אַף אַ וויסטן סאָף.

לייזער האָט מוירע געהאַט, אַז איך זאָל מיט דער צייט ניט אַרויסוואַרפן אַזוינע נייע שטיק, וואָס זאָלן אים, כאַלילע, ניט אָנמאַכן אַ בויכווייטיק, און מאַכמעס מוירע שוין ניט געוואָלט געבן מיר מער אַ שטאָך אַרבעט.

ער האָט מיך אינגאַנצן אַוועקגעשענקט זיין ווייב, זיך נאָר איבערגעלאָזן דאָס רעכט מיר אַמאָל אפּצושטעקן אַ פאַטש.

— וואָס טויג מיר, — האט ער זיך אָנגערופן – אַזאַ פאַרשלעפטע קרענק, אַזאַ מין קינצלער? — און דערביי אפּגעזאגט זיין געוויינטלעכן פאָסעק: אַלע-לולע „כל צבאיו", היינט זאלן מיט אים האַנדלען!

לייזעריכען האב איך אַמאל אַ שאָדן אנגעטאָן, ניט ווילנדיק צעבראכן אַ טאָפּ מיט אייער און געמוזט, לעסוף, דורך דעם אויקער זיין.

שאָלעם - אַלייכעם

# מיין ברודערס פּאַרנאָסעס

(פון מאָטל פּייסי דעם כאַזנס)

I

## מיין ברודער עליעס געטראַנק

„פאַר איין רובל—הונדערט רובל! הונדערט רובל אַ מאָנאַט און מער קאָן פאַרדינען יעדער איינציקער, ווער עס וועט זיך באַקענען מיטן אינהאַלט פון אונזער בוך, וואָס קאָסט סאַכאַקל איין רובל מיט פּאָרטאָ. לויפט, קויפט!—איר וועט פאַרשפּעטיקן!"

אָט אַזאַ מין זאַך האָט אויסגעלייענט ערגעץ אין די בלעטער מיין ברודער עליע. און וויבאַלד ער האָט נאָר איבערגעלייענט, אַז ס'איז דאָ אַזאַ בוך אַף דער וועלט, אַזוי האָט ער באַלד אַוועקגעשיקט אַף דער פּאָסט אַ קערבל (דאָס לעצטע קערבל) און האָט אָנגעזאָגט דער מאַמען אַ בסורע, זי זאָל זיך ניט זאָרגן מער.

— מאַמע! דאַנקען גאָט, מיר זיינען געהאָלפן. מיט פּאַרנאָסע זיינען מיר פאַרזאָרגט אָט אַזוי ווייט (ער ווייזט מיט דער האַנט אַפן האַלז).

— וואָס איז דען?—פרעגט די מאַמע—האָסט געקראָגן אַ שטעלע?

— נאָך בעסער פון אַ שטעלע—ענטפערט איר מיין ברודער עליע און די אויגן באַ אים לייכטן. אַפּאָנים, פון גרויס סימכע. ער הייסט איר וואַרטן נאָר עטלעכע טעג, ביז דאָס בוך וועט אים אָנקומען.

— וואָסער בוך?—פרעגט אים די מאַמע.

— ס'איז שוין איינמאָל אַ בוך!—זאָגט איר מיין ברודער עליע און ער לאָזט זיך גיין אַף דער פּאָסט. אַלע טאָג גייט ער אַף דער פּאָסט און פרעגט זיך נאָך אַפן בוך. שוין העכער אַ וואָך, אַז ער האָט אַוועקגעשיקט דאָס קערבל און קיין בוך איז ניטאָ! דערווייל דאַרף מען לעבן. „די נעשאָמע אויסשפּייען קאָן מען ניט", אַזוי זאָגט די מאַמע. איך פאַרשטיי ניט, ווי אַזוי שפּייט מען דאָס אויס אַ נעשאָמע?

---

שאַט, שוין דאָ אַ בוך! מיר האָבן דאָס נאָר אויסגעפּאַקט, האָט מיין ברודער עליע זיך אַוועקגעזעצט לייענען דאָס בוך. וויי-וויי וואָס ער האָט דאָרט אויסגעלייענט! וויפל סגולעס אַף צו מאַכן געלט דורך פאַרשיידענע רעצעפּטן! אַ רעצעפּט אַף צו פאַרדינען הונדערט רובל אַ כוידעש דורך מאַכן גוטן שוואַרצן, אַ רעצעפּט אַף צו פאַרדינען הונדערט רובל אַ כוידעש און מער דורך מאַכן ליקערן, זיסע בראָנפנס, לימאָנאַד, סאָדע-וואַסער און אַנדערע נאָך מער ביליקע געטראַנקען.

מיין ברודער עליע האָט זיך אָפּגעשטעלט אַפן לעצטן רעצעפּט. ערשטנס, ווייל דורך אים קאָן מען פאַרדינען נאָך מער פון הונדערט רובל אַ כוידעש, אַזוי שטייט בעפּירעש געשריבן אין בוך. צווייטנס, מע דאַרף זיך ניט פּאַטשקען מיט שוואַרצן. די פראַגע איז נאָר, צו וואָסער געטראַנק זאָל מען זיך נעמען? צו ליקערן און זיסע בראָנפנס דאַרף מען האָבן ראָטשילדס פאַרמעגן. צו לימאָנאַד און סאָדע-וואַסער דאַרף מען האָבן אַ מאַשינע אַזעלכע, עפּעס אַ מין שטיין, וואָס קאָסט מי יודייע וויפל! בלייבט איבער נאָר איין זאַך: קוואַס! קוואַס איז אַזאַ מין געטראַנק, וואָס קאָסט וואָלוול און עס גייט אַוועק אַסאַך, און ביפראַט נאָך אין אַזאַ הייסן זומער, ווי היינט.

פון קוואַס, דאַרפט איר וויסן, איז באַ אונז באָרעך דער קוואַסניק געוואָרן אַ גוויר. ער מאַכט „בוטל-קוואַס". זיין קוואַס האָט אַ שעם אַף דער וועלט. ער שיסט פון די פלע-שער ווי פון אַ האַרמאַט. וואָס איז דער סייכל, וואָס ער שיסט, ווייסט קיינער ניט. דאָס

איז באָרעכס סאָד. מע זאָגט, אַז ער לײגט אַרײן אינעװײניק עפּעס אַזעלעכס, װאָס שיסט. אַנדערע זאָגן אַ ראָזינקע, אַנדערע זאָגן—האָפּן. קומט דער זומער, האט ער ניט קײן הענט, אַזוי פיל לײזט ער.

אונזער קוואַס, װאָס מײן ברודער עליע מאַכט נאָכן רעצעפּט. איז ניט קײן בוטל-קוואַס און שיסט ניט. אונזער קוואַס איז אַן אַנדער מין געטראַנק. װי אַזוי ער װערט געמאַכט קאָן איך אײך ניט זאָגן. מײן ברודער עליע לאָזט קײנעם ניט צו, בעשאַס ער מאַכט אים. אַז ער גיסט װאַסער, זעען אַלע. נאָר אַז ער האַלט אין רעכטן מאַכן, פאַר-שליסט ער זיך אין דער מאַמעס אַלקער. ניט איך, ניט די מאַמע, ניט מײן שװעגערן בראָ-כע—קײנער האָט ניט די זכיה צו זײן דערבײ. נאר אויב איר זאָגט מיר צו, אַז עס װעט זײן אַ סאָד, קאָן איך אײך זאָגן, װאס אין דעם געטראַנק געפינט זיך. איך װײס דאָך, װאס ער גרײט צו. דאָרט געפינט זיך שאָלעכץ פון לימענע, שיטערער האָניק (מעליס), אַ זאַך, װאס מע רופט דאָס קרימעטאַרטערום און װאס איז זװיערער פון עסיק און דאס איבעריקע — װאַסער. װאַסער איז דאָרטן מער פון אַלצדינג. װאס מער װאסער—מער קוואַס. דאָס אַלץ װערט גוט אויסגעמישט מיט אַ פּראָסטן שטעקן, אַזוי שטײט געשריבן אין בוך, און דאס געטראַנק איז פאַרטיק. נאָכדעם װערט ער אַרײנגעגאָסן אין אַ גרויסן קרוג און מע װאַרפט אַרײן אַהין אַ שטיק אײז. אײז איז דעריקער! אָן אײז טויג דאָס גאַנצע געטראַנק אַף טישע ניינציק קאַפּאָרעס. דאָס זאָג איך אײך ניט פונם בוך, נאָר איך האָב אײנמאָל אַלײן פאַרזוכט אַביסל קוואַס אָן אײז, האָב איך געמײנט, אַז ס'איז אַן ענדע פון מײן לעבן!

---

געמאַכט דאָס ערשטע פעסל קוואַס, איז געבליבן, אַז אַרויסטראָגן פאַרקויפן עס אַף דער גאַס זאָל איך. װער דען, אַז ניט איך? מײן ברודער עליען פּאַסט ניט. ער איז דאָך אַ באַװײבטער. דער מאַמען אַװאַדע ניט. מיר װעלן גאָר ניט דערלאָזן, אַז די מאַמע זאָל אַרומגײן אין גאַס און שרײען: „קוואַס! קוואַס! אידן, קוואַס!" אַלע האָבן געפּאַסקנט, אַז דאָס דאַרף זײן מײן אַרבעט. איך אַלײן האָב אויך אַזוי געדענקט. איך האָב מיך מע-כאַיע געװען, אַז איך האָב דערהערט דאָס נײס. מײן ברודער עליע האָט גענומען מיך לערנען, װי אַזוי איך זאָל טון. דעם קרוג זאָל איך האַלטן אין אײן האַנט אַף אַ שטריקל, די גלאָז אין דער אַנדערער האַנט, און ביכדײ דער אוילעם זאָל זיך אָפּשטעלן, זאָל איך זינגען הויך, און מיט אַ ניגן, אָט אַזוי:

אידן! אַ געטראַנק!
א קאָפּיקע אַ גלאָז!
קאַלט און זיס —
אַ דערקװיקעניש!...

אַ קאָל, האָב איך שוין לאַנג געזאָגט, אַז איך האָב אַ שײנס, אַ סאָפּראַנאָ-שטים, בעיערושע פון מײן טאַטן, אָלאָװו-האַשאָלעם. איך האָב געגעבן א זינג אויס אַף אַ קאָל און איבערגעדרײט דעם פּאָסעק מיט די פיס אַרויף:

זיסע קוואַס אַ גלאָז:
אַ קאָפּעקע אַ איד!
אַ קװיק און אַ קאַלט—
אַ דערטרינקעניש!...

איך װײס ניט: — צי מײן געזאַנג ז אַזוי געפעלן געװאָרן, צי דאָס געטראַנק אי טאַקע געװען אַזוי גוט, צי עפּשער װײל דער טאָג איז געװען זײער אַ הײסער? איך האָב דעם ערשטן קרוג אויסגעפּאַרקויפט אין אײן האַלבער שאָ און בין געקומען אַהײם קימאַט מיט פינף גילדן פּידיען, אָפּגעגעבן דאס געלט דער מאַמען און מײן ברודער עליע האט מיר באלד אָנגעגאָסן אַ פרישן קרוג. ער האט מיר געזאָגט, אַז אויב איך װעל מיך קאָנען אויסדרײען אַזוי

פינף—זעקס מאל דורכן טאג, וועלן מיר האבן פאַרדינט פונקט הונדערט רובל א כוידעש. איצט רעכנט מיר, זייט מויכל, אַראפּ די פיר טעג שאַבעס, וואס אין כוידעש, וועט איר שוין אַליין וויסן, וויפל דאס געטראַנק קאסט אונז און וואס פאַר א פראָצענט מיר פאַר-דינען באַ אים. דאס געטראַנק קאסט אונז זייער וואָלוול, מ׳קאן זאגן קימאט גאָרניט. דאס גאַנצע געלט גייט אַף אונז, דעריבער דארף מען זעען וואָס גיכער אויספּאַרקויפן דעם קרוג מיטן געטראַנק, ביכדיי דאס שטיקל אייז זאל צונויף קומען אַפן צווייטן קרוג און אַפן דריטן קרוג און אַזוי ווייטער. דעריבער דארף מען מיטן געטראנק גיין גיך, טאַקע לויפן. נאך מיר לויפן נאך אינגלעך, שקאָצים, אַ גאנצע טיטשקע. זיי קרימען מיך איבער ווי איך זינג. איך הער זיי אָבער ווי דעם קאָטער. איך זע וואס גיכער אויסברענגען דעם קרוג און לויפן א היים נעמען נאך אַ קרוג. וויפל איך האב געמאכט דעם ערשטן טאג ווייס איך אַליין ניט. איך ווייס נאר, אַז מיין ברודער עליע מיט מיין שווערגערן בראָכע מיט מיין מאַמען האבן מיך שטאַרק געליבט. וועטשערע האט מען מיר געגעבן אַ שטיק דיני מיט אַ שטיק קאַוון מיט צוויי פלוימען אונגערשע. פון קוואַס שמועסט מען ניט. קוואַס טרינקען מיר אַלע, אזוי ווי וואַסער. פאַרן שלאָף בעט מיר די מאַמע אַף דער ערד און פרעגט מיך, צי עס טוען מיר ניט ווייַ, כאָלילע, די פיס. מיין ברודער עליע לאַכט פון איר, ער זאָגט אַף מיר, אַז איך בין אַזאַ אינגל, וואס מיר טוט קיינמאל ניט ווי קיין זאַך.

— געוויס! זאג איך—א סימען, אויב איר ווילט גיי איך באַלד מיטן קרוג אינמיטן האַלבע נאַכט.

אַלע דריי צעלאַכן זיך פון מיין בעריעשאַפט. נאר אַף דער מאַמעס אויגן זע איך טרערן. נו, דאס איז דאָך אַן אַלטער קלאַל — אַ מאַמע דאַרף וויינען! איך וואָלט וועלן וויסן, אַלע מאַמעס ווייַנע אַזוי שטענדיק, ווי מיין מאַמע?

---

גייט זייט אַ נאָווי און טרעפט, אַז עס וועט זיך טרעפן אַזאַ מין אומגליק, אַז אונ-זער געטראַנק זאל ווערן פאַסל, כאָטש נעמט גיסט עס אַרויס אין פאַמעניצע! נאָך אַ גליק, וואָס מ׳האָט מיך ניט פאַרנומען אין פאָליציי. הערט אַ מאַיסע! איינמאָל האב איך פאַר-בלאָנדזשעט מיטן קרוג קוואַס צו אונזער שכיינע פעסי. דער גאַנצער אוילעם האט געגנו-מען צו גלעזלעך קוואַס. און איך אַליין אויך מיט זיי. אויסגערעכנט, אַז עס פעלט מיר אַ גלעזלעך צוועלף—דרייצן געטראַנק, האָב איך מיך אַריינגעכאַפּט אין הויז, דארטן, וואו דאס וואַסער שטייט באַ זיי. אָנשטאט דער דייזשע מיט וואַסער האב איך, אַפּאָנים, געטראָפן צו דער באַליע, וואס מע וואַשט גרעט, און האב אַריינגעפּליאַסקעט אַ 15—20 גלעזער צו מיר אין קרוג אַריין און בין אַוועק אין גאַס אַריין מיט אַ נייעם ניגן, וואס איך אַליין האָב צוגעטראַכט:

אידן אַ געטראַנק!
טאַם גאַניידן!
אַזאַ יאָר אַף מיר,
אף אייך און אַף אונזביידן!

שטעלט מיך אָפּ אַ איד, באַצאָלט מיר אַ קאָפּעקע און ער הייסט זיך אָנגיסן אַ גלעזל קוואַס. ער טרינקט אויס די גאַנצע גלאָז און פאַרקרימט זיך.

— אינגעלע! וואָס איז דאָס באַ דיר פאַר אַ געטראַנק?

איך הער אים און טראַכט. עס שטייען נאָך צוויי אידן און וואַרטן, איך זאָל זיי שוין אָנגיסן. איינער זופט אָפּ אַ האַלבע גלאָז, דער אַנדערער אַ דריטל, זיי באַצאָלן, שפּייען אויס און גייען אַוועק. נאָך איינער טראָגט צו די גלאָז צו די ליפּן, ער פאַרזוכט און זאָגט, אַז עס שמעקט מיט זייף און ס׳איז, דאַכט זיך, געזאַלצן. נאָך איינער טוט אַ קוק אַף דער גלאָז און גיט מיר אָפּ צוריק מיט די ווערטער:

— וואָס איז דאָס באַ דיר?

— אַזאַ געטראַנק,—זאָג איך.

איינער גייט צו, פאַרזוכט, טוט אַ פליאַסקע אויס די גלאָז גלייך מיר אין פּאָנים אַריין. אין אַ מינוט אַרום שטייט אַרום מיר אַ גאַנץ רעדל מיט אידן, ווייבער און קינדער, אַלע רעדן, מאַכן מיט די הענט, קאָכן זיך. דערזעט אַ יאָוון, אַז מע קלייבט זיך, גייט ער צו און פרעגט, וואָס איז דאָ? דערציילט מען אים. גייט ער און קוקט אַריין צו מיר אין קרוג אַריין און הייסט זיך געבן פאַרזוכן. גיס איך אים אָן אַ גלאָז מיט קוואַס. דער יאָוון טוט אַ טרינק אָפּ און שפּייט אויס און ווערט מאָלע-רעציכע.

— וואו האָסטו גענומען אַזעלכע פּאָמאָיעס?—פרעגט ער מיך.

— דאָס איז פון אַ בוך,—זאָג איך אים,—מיין ברודערס מעלאָכע, מיין ברודער אַליין מאַכט דאָס.

— ווער איז דיין ברודער?

— מיין ברודער עליע—זאָג איך אים.

— וואָסער עליע? פרעגט ער מיך.

— דאַבער ניט, דו נאַרישער יאלד, אַף דיין אָכי!—זאגן צו מיר עטלעכע אידן, אַלע מיטאַמאָל. עס ווערט אַ טומל, אַ ראַש, אַ מעהומע. אַלע מינוט קומען צו נייע מענטשן. דער יאָוון האַלט מיך פאַר אַ האַנט און וויל אונז אפפירן (מיך מיטן געטראַנק) גלייך אין פּאָליציי אַריין. דער טומל ווערט נאך גרעסער: „אַ יאסעם! נעבעך, אַ יאסעם!“ הער איך פון אַלע זייטן. דאס האַרץ זאגט מיר, אַז איך האַלט שמאל. איך קוק אַפן אוילעם, וואס אַרום מיר: „אידן, האט ראַכמאַנעס!“... מע וויל אַריינרוקן דעם יאוון אַ מאַטבייע, דער יאוון נעמט ניט. רופט זיך אָן צו מיר איינער, אַן אַלטער איד מיט גענייוועשע אויגן, פארשטעלט, אַף לאשן-קוידעש:

— מאטל? רייס דעם יאַד פונם יאוון און הויב אויף די ראגלאים און מאַך פּליטע?

איך טו זיך אַ ריס, נעם די פיס אַף די פּלייצעס און מאַרש אַהיים! ניט טויט ניט לעבעדיק פאַל איך אַריין אין שטוב אַריין.

— וואו איז דער קרוג?—פרעגט מיך מיין ברודער עליע.

— אין פּאָליציי! — ענטפער איך אים און פאַל צו צו דער מאַמען מיט אַ געוויין.

II

## מיר פאַרפלייצן די וועלט מיט טינט.

אוי, בין איך געוועזן אַ נאַר! דערפאַר וואס איך האב פאַרקויפט ניט אַזאַ גוטן קוואַס, האב איך געמיינט, אַז מ'וועט מיך קעפן! צום סאַף גארניט. אומזיסט איבערגעשראָקן, מיין ברודער עליע פאַלט ניט אַראפּ באַ זיך דערמיט, וואס מיר האבן זיך אפגעבריט אַפן קוואַס. אַבי ער האט דאס בוך, איז אים גוט. ער זיצט און לערנט אים אַף אויסנווייניק. דארטן זיינען דאַ אַן אַ שיר רעצעפּטן, ווי אַזוי מע מאַכט געלט. ער קאָן שוין קימאַט אַלע רעצעפּטן. ער ווייסט שוין ווי אַזוי מע מאַכט טינט, ווי אַזוי מע מאַכט שוואַוואַקס. ער רעכנט קידעמקאל זיך נעמען צו טינט. טינט, זאגט ער איז אַ גוטער אַרטיקל. אַלע לערנען זיך שרייבן. ער איז אַ באַלן געוועזן פרעגן באַ אידל דעם שרייבער, וויפל גייט אַוועק באַ אים טינט? זאגט ער: אַ פאַרמעגן! אידל דער שרייבער האט עפשער זעכציק מיידלעך, וואס ער לערנט זיי שרייבן. אינגלעך לערנען ניט באַ אים. מ'האט פאַר אים מוירע, ער שלאגט מיט אַ ווירע איבער די הענט. מיידלעך קאָן מען ניט שלאגן. עס טוט מיר באַנק, וואס איך בין ניט געבוירן געווארן בעסער אַ מיידל, וואלט איך ניט געוואוסט פון קיין טאַלמוד-טוירע. אַ האַלבן טאג גיי איך אין טאַלמוד-טוירע לערנען לערן איך אַפן שפּי מעסער,

נאר פּעטש כאַפּ איך אן אַ שיר. איר מיינט פונם רעבן? דאַפּקע פון דער רעבעצן. איר אייסעק, וואס איך האדעווע די קאַץ! איר זאלט אנקוקן באַ איר אַ קאַץ, אַ גאטס ראכמאָ-נעס, טאמיד איז זי הונגעריק. ניאַווקעט. ניאַווקען ניאַווקעט זי שטילערהייט, מיט אַ גע-וויין, לעהאַוודל, אַ מענטש. עס רייסט אויס אַ שטיק הארץ. באַ זיי איז אבער ניטא קיין קאַפּ ראַכמאנעס. וואס האבן זיי צו איר? לאז זי צוגיין צו עמעצן אַ שמעק טאן—טוט מען אַף איר אַ געשריי א-טפּרו-ס-ס! פליט זי אַוועק, וואו דער שוואַרצער פעפער וואקסט. קיין קאפּ לאזט מען איר ניט אויפהויבן. אַנומלטן איז זי גאר פאַרפאַלן געווארן אַף עטלעכע טעג. איך האב געמיינט, אַז זי איז, כאלילע, געפייגערט, צום סאף האט זי זיך געקעצלט... איך קער זיך אום צו מיין ברודער עליעס טינט.

מיין ברודער עליע איז אַוועק אין דער אפּטייק און האט געבראַכט אַ גוזמע „פּראש-קעס" און „גליצערין" אַ גאַנצע פלאַש. נאכדעם האט ער זיך פאַרשפּאַרט אין קעלער און האט עפּעס געטאן. וואס—ווייס איך ניט. ס'אַ סאד, אלצדינג איז באַ אים אַ סאד. אַז ער דאַרף זאגן דער מאַמען, לעמאשל, זי זאל אים געבן דאס אויבערשטע פונם שטייסל, רופט ער זי אפּ אַף אַ זייט און זאגט איר שטילערהייט: „מאַמע! דאס אויבערשטע פונם שטייסל".

די „פּראשקעס" מיט דער „גליצערינע" האט ער אויסגעמישט אין אַ גאַנץ גרויסן טאפּ (אַ נייעם טאפּ געקויפט). דעם טאפּ מיטן געמישעכטס האט ער פאַרוקט אין אויוון און געבעטן די מאַמע שטילערהייט, זי זאל פאַרקייטלען די טיר. מיר אַלע האבן געמיינט מי יעדייע וואס. די מאַמע האט אַלע מינוט געכאַפּט אַ קוק צום אויוון. אַפּאנים, זי האט מוירע גע-האַט, דער אויוון זאל ניט צעפאַלן ווערן אַף שטיקלעך. נאכדעם האט מען פאַוואלינקע אַרויסגענומען דעם טאפּ פונם אויוון און מ'האט פאַוואלינקע אַריינגעגאסן דאס געמישעכטס אין פּעסל אַריין. נאכדעם האט מען אנגעהויבן גיסן אין פּעסל אַריין וואסער. אז דאס פּעסל איז געווארן אנגעפילט העכער האַלב, האט מיין ברודער עליע אַ זאג געטאן „גע-נוג!" און האט זיך גענומען צום בוך.

געקוקט און געהייסן שטילערהייט זיך ברענגען אַ פרישע פען מיט אַ ווייסן בויגן פּאַ-פּיר. איינגעטונקען די פען אין פּאַס און געגעבן אַ שרייב עפּעס אַפן ווייסן בויגן פּאַפּיר מיט אַ דריידל און מיט אַ ציק. דאָס אָנגעשריבענע האָט ער געטראָגן פריער צו דער מאַ-מען, נאָכדעם צו מיין שווענערן בראָכע. די ביידע האָבן געגעבן אַ קוק אַריין און אַ זאָג צו אים: סע שרייבט!

באַלד נאָכדעם האָט מען זיך גענומען ווידער צו דער פריערקער אַרבעט. אָנגעגאָסן נאָך אַ פּאָר עמער וואַסער, האָט מיין עליע אויפגעהויבן די האַנט: „גענוג"! ווידעראַמאָל געגעבן אַ שרייב אַריין אין ווייסן פּאַפּיר אַריין און ווידעראַמאָל צוגעטראָגן דאָס אָנגעשרי-בענע פריער צו דער מאַמען און נאָכדעם צו מיין שווענערן בראָכע. די ביידע האָבן ווי-דער געגעבן אַ קוק אין פּאַפּיר אַריין און אַ זאָג:

— „סע שרייבט!"

אָט אַזוי עטלעכע מאָל ביז די פּאַס איז געוואָרן ווי אַן אויג. ס'איז שוין ניט געווען וואוהין צו גיסן וואַסער. דעמאָלט האט מיין ברודער עליע געגעבן אַ הויב אויף די האַנט: „גענוג!"—און מיר אַלע פיר האָבן זיך געזעצט עסן.

---

וויפל טינט מיר האָבן, קאָן איך אייך ניט זאָגן. איך האָב מוירע אויב ניט טויזנט פלעשער! נאָר וואָס קומט אַרויס—ס'איז ניטא זיי וואו אַהינצוטון. מיין ברודער עליע איז געווען שוין אומעטום, פאַרקויפן לאאכאדים, פלעשלעכווייז—איז ניט קיין פלאַן, אַזוי זאָגט מיין ברודער עליע צו אונזער שכיינעס מאַן, מוישע דעם איינבינדער. אַז ער איז אַריינגעקומען צו אונז און דערזען, קיין איינהאָרע ניט, אַזוי פיל פלעשער, האָט ער זיך דערשראָקן און זיך אַזש אַ וואָרף געטאָן צוריק. דערזעט מיין ברודער עליע און עס קומט פאָר צווישן זיי אַ מאָדנער שמועס. איך גיב אייך איבער דאָ דעם שמועס ווארט באַ וואָרט:

עליע: וואס האָט איר זיך אַזוי דערשראָקן?

איינבינדער: וואָס איז באַ דיר אין די פלעשער?

עליע: וואָס זאָל זיין? וויין?

איינבינדער: וואָסער וויין? ס'דאך טינט!

עליע: היינט, וואס זשע פרעגט איר?

איינבינדער: וואס וועסטו טון מיט אַזויפיל טינט?

עליע: טרינקען.

איינבינדער: ניין, איך מיין אָן קאַטאוועס. וועסט פאַרקויפן לאאכאדים אויך?

עליע: וואס בין איך אַ מעשוגענער, אַז פאַרקויפן, וועל איך פארקויפן צען פלע-שער, צוואַנציק פלעשער, פופציק פלעשער. דאָס וועדט אנגערופן „הורט". איר ווייסט, וואס הייסט „הורט"?

איינבינדער: איך ווייס וואס הייסט הורט. ווען וועסטו פאַרקויפן?

עליע: ווען? דעם ראַוו!

און מיין ברודער עליע גייט אַוועק צו די קרעמער. געקומען צו איינעם, אַ גרויסן הורטאוווניק, הייסט ער זיך ברענגען אַ פלעשל, ער וויל עס אנקוקן.

דעם אַנדערן האָט ער געבראַכט אַ פלאַש טינט, וויל ער ניט נעמען אין די הענט אַריין, ווייל ס'איז אָן א קוויטל. אפן פלעשל דאַרף זיין אַ שיין קוויטל מיט אַ צאַצקע. זאגט אים מיין ברודער עליע: „איך מאך ניט קיין צאצקעס, איך מאך טינט". ענטפערט ער אים: „מאַכט געזונטערהייט". האט ער זיך א ווארף געטאָן צו אידל דעם שרייבער, האט אים אידל דער שרייבער געזאגט עפעס זייער א מיעס ווארט. ער האט זיך, זאגט ער, שוין אנגעקויפט מיט טינט אף אַ גאַנצן זומער. פרעגט אים מיין ברודער עליע: „וויפל פלעשער טינט האט איר עס איינגעהאנדלט?" זאגט אים אידל דער שרייבער: „פלעשער? איך האב געקויפט א פלאש טינט וועל איך האבן און האבן ביז עס וועט אויסגיין, וועל איך קויפן נאך א פלאש"... אט האסטו דיר אַ געשעפט! פריער האט ער געזאגט, אז אף טינט גייט בא אים אוועק א פאַרמעגן; איצט קויפט ער אַ פלאַש טינט, וועט ער האבן און האבן!.. מיין ברודער עליע איז נעבעך אויס מענטש. ער ווייסט ניט וואס זאָל ער טאן מיט אַזויפיל טינט? פריער האט ער געזאגט, אז לאאכאדים פארקויפט ער ניט קיין טינט, נאר הורט. איצט איז ער בעסער געווארן. ער וועט שוין אנהויבן, זאגט ער, פאַרקויפן לאאכא-דים. איך וואלט שוין אַ באַלן זיין וויסן, וואס הייסט לאאכאדים?

אט וואס לאאכאדים הייסט, איר מעגט דאס הארכן.—

מיין ברודער עליע האט געבראַכט צו טראגן אַ גרויסן בויגן פאַפיר, ער האט זיך אַוועקגעזעצט און אנגעשריבן מיט גרויסע סידור-אויסיעס:

## דא פארקויפט מען טינט הורט און לאאכאדים גוט און ווּאלוול.

די צוויי ווערטער „לאאכאדים" און „וואלוול" זיינען געווען אַזוי גרויס, אַז זיי האבן פאַרנומען קימאַט דעם גאנצן בויגן. אז דאס געשריבענע האט זיך אויסגעטריקנט, האט ער דאס פאַפיר אויסגעהאנגען בא אונז אף דער טיר פון יענער זייט. אַסאַך מענטשן זיינען דורכגעגאַנגען און האבן זיך אפגעשטעלט קוקן. איך האב עס געזען דורכן פענסטער. מיין ברודער עליע קוקט אויך אין פענסטער אַריין און ברעכט די פינגער. א סימען, אַז ער איז צעטראגן. ער מאַכט צו מיר:

— ווייסטו וואָס? גיי אומישנע שטעל זיך אוועק באַ דער טיר און הער זיך צו, וואס זאגט מען:

מיך דארף מען לאַנג ניט בעטן. איך שטעל מיך אַוועק באַ דער טיר און הער זיך צו, וואס זאגט מען, ווער עס שטעלט זיך אָפּ און וואס מע רעדט. אפגעשטאנען אַקעגן אַ

האַלבע שאַ, קום איך אריין צוריק אין שטוב. מיין ברודער עליע גייט צו צו מיר און פרעגט מיך שטיל:

— נו?

— וואס נו?

— וואס האבן זיי געזאגט?

— ווער?

— די מענטשן, וואס זיינען געגאנגען פאַרביי.

— זיי האבן געזאגט, אז ס'איז שיין אנגעשריבן.

— און מער גארניט?

— מער גארניט.

מיין ברודער עליע זיפצט. וואס זיפצט ער? די מאמע פרעגט אים אויך דאס זעלבע.

— וואָס זיפצסטו, נאַרעלע? וואַרט אויס אַ קאַפּ. אין איין טאָג ווילסטו זאָל אויס־פאַרקויפט ווערן די גאַנצע סכוירע?

— כאַטש אַ פעטשאַטעק!... זאָגט איר מיין ברודער עליע מיט טרערן אין האַלז.

— ביזט אַ גרויסער נאַר, זאָג איך דיר, וואַרט אויס, מיין קינד, דו ועסט, אימירצע־האַשעם, האָבן אַ פעטשאַטעק אויך.

אַזוי זאָגט צו אים די מאַמע און גרייט צום טיש. מיר וואַשן זיך און גייען עסן. מיר שפארן זיך צענויף אַלע פיר אינײנעם. איבער די פלעשער איז ענג אין שטוב סאַקאָ־נעס. נאָר־וואָס מיר האָבן געמאַכט האַמויצע, לויפט אַריין אַ באָכער, אַ ציקאַווע באָ־כערל. ער איז שוין אַ כאָסן. איך קען אים, קאָפּל הייסט ער. דער טאַטע זיינער איז אַ שניידער, אַ דאַמסקע שניידער.

— דאָ פאַרקויפט זיך לאאכאדים?

— יאָ, וואָס איז דען?

— איך האָב געוואָלט אַביסל טינט.

— וויפל דאַרפסטו טינט?

— גיט פאַר אַ קאָפּעקע טינט.

מיין ברודער עליע איז אויסער זיך. ער זאָל זיך ניט שעמען פאַר דער מאַמען וואָלט ער אָט דעם כאָסן קאָפּל פריער דורכגעפאַטשט און נאָכדעם אַרויסגעוואָרפן פון שטוב. ער האַלט זיך איין און גיסט אָן אים פאַר אַ קאָפּעקע טינט. עס גייט ניט אַוועק קיין פערטל שאָ, קומט אַריין אַ מיידל. דאָס מיידל קען איך ניט. זי קאַלופּעט מיטן פינגער אין נאָז און רעדט צו מיין מאַמען:

— דאָ מאַכט מען טינט?

— יאָ, וואָס איז דען?

— די שוועסטער האָט געבעטן, טאָמער קאָנט איר לייען אַביסל טינט. זי דאַרף אַוועקשרייבן אַ בריוול קיין אַמעריקע צו איר כאָסן.

— ווער איז דיין שוועסטער?

— באַסי די נייטאָרן.

— א! זע נאָר, ווי זי איז אויסגעוואַקסן, קיין איינהאָרע! איך האָב דיך גאָרניט דער־קענט, אַ טינטערל האָסטו?

— ווי קומט צו אונז אַ טינטערל? מיין שוועסטער האָט געבעטן, טאָמער האָט איר אַ פען, זי וועט נאָר אָנשרייבן דאָס בריוול קיין אַמעריקע, גיט זי אייך אָפּ צוריק די טינט און פען.

מיין ברודער עליע איז ניטאָ באַם טיש. ער איז אין אַלקער, ער גייט אַרום מיט שטי־לע טריט, קוקט אַראָפּ און בייסט די נעגל.

איזי כאַריק

# פון הילצערנע הייזלעך

מיין יוגנט האָט קיינער אין זייד ניט געוויקלט,
אַ צאַרטע האַנט האָט מיינע האָר ניט געקרייזלט —
איך בין געוואַקסן אַ קרעפּטיקער אינגל,
אַ אינגל פון הילצערנע הייזער.

און פון וויג נאָך, פון שטרענגער און האַרטער
מיט אויגן — צוויי שטיקעלעך טאָג —
פלעג איך הערן — מיין נאָענטער טאַטע
זינגט שוין אין פרישן פאַרטאָג.

אַ פלינקער פויגל—פליט און פאַלט טאַטנס האַמער,
פאַלט און צאַפּלט צווישן די קני,
און מיר ווערט עפּעס ליב, ווי אַ מאַמע,
יעדער ריר פון זיין זאַפטיקער שטים.

ווערט אַנטשוויגן שטילער טאַטע בײַ דער אַרבעט,
אַ שטיקל זילבער — בלייבט הענגען זיין ליד,
און איך זע — אין פאַרפעכיקטע אַרבל
קוקט דער טאַטע פאַרקלערט אַף מיין וויג.

איצט וואַקס איך אַ פראָסטער און פעסטער
מיט טאַטנס צוויי קרעפּטיקע הענט,
און אין היינטיקן אויסרוף אין העכסטן
איך האָב יענע ליד פון מיין טאַטן דערקענט.

י. מ. ווייסנבערג

# אַ דאָר גייט אוועק און א דאר קומט

אַן אויסגעשטערנטע נאַכט. שטילע פינקלענדיקע שטערנדלעך קוקן אַראָפּ פון בלויען הימל אַפן האַלב אַיינגעשלאָפענעם שטעטל. אין האַלב אַיינגעשלאָפענעם, ווייל אין מאַנכע הייזער איז מען נאָך וואַך. בײַ זעליק שוסטער איז נאָך אָפן טיר און טויער, און זיינע געזעלן זיינען אַזוי פאַרטיפט אין אַרבעט, אַז זיי באַמערקן ניט די ליכטיקע אויגעלעך פון הימל, וואָס ווינקען צו זיי דורך די אָפענע פענסטער. די בליצלאָמפּן אין שטוב בלענדן זיי די מידע אויגן, און זיי לאָזן זיי גערנוויליק אַראָפּ צו דער אַרבעט.

פאַרנומענער פון אַלע איז דער לאַנגער נאָטע. ער וויל זיך פאַרשלאָגן מיטן האַמער די געדאַנקען, זיי לאָזן זיך אבער ניט.

...סע גייען אַזעלכע טעג. אַן אויצער געלט דאַרף מען... און פון וואַנען? זומער האט ער ניט פאַריבעריקט קיין רובל... פאר זיך עפּעס צו קויפן אַף יאָנטעוו, איז קיין רייד ניט.

און ער הויבט און לאָזט אראפּ אַלץ האַסטיקער און האַסטיקער דעם האַמער אַף דער האַרטער פּאָדעשווע, אַרומפּאָרנדיק מיט איר איבערן שטיין, וואָס איז געלעגן אַף

זיינע אויסגעדארטע קני. כאַיעמל, זיין אכצניאָריקער אינגל, וואס העלפט אים אונטער און גרייט אים צו ארבעט, זיצט אָן דער זייט, קימאַט הינטער דעם פאָטערס אקסל, און קאָ-ווערט אַ שטיוול, קלאַפנדיק שוואך און לאַנגזאַם מיטן האַמערל. די שטיפטן האָבן זיך דאס מאָל ניט געלאָזט, געגליטשט, אין דער געלעכערטער זויל אריין. טייל צעבראכן זיך, טייל שפרינגען אינגאַנצן אַוועק, גלייך ווי זיי וואָלטן גענאַרט זייער יונגן מייסטער, שפילנדיק מיט אים אין באהעלטעניש, קאם מאַכט ער צו אן אויג פאר מידקייט. די מידקייט באַפאַלט אים פון צייט צו צייט, דעמאָלט טוט ער זיך אַ וויג, לאָזט אראפ דעם קאָפ צו דעם שויס. נאָר דערשפירנדיק דאָס קאַלטע אייזערנע העמערל באַם שטערן, כאַפּט ער זיך אויף, קוקט זיך אַן מיט צוויי אפענע דערשראקענע אויגן, צי לאַכן פון אים ניט די געזעלן. מע האָט עס גראָד ניט באמערקט, נאָר ער בייזערט זיך אף זיך אליין: „סע איז קיין טאַכלעס ניט צו שלאָפן“.—ער ווייסט, אז דער פאָטער וועט ווארטן אַפן שטיוול—„פע, א מיעסע זאַך דאָס שלאפן!“

אום מער גיט איינצושלאפן לייגט ער אוועק דעם שטיוול און גייט צו צום קובל וואַסער, דערפרישט זיך מיטן קאלטן וואסער דעם פּאָנים מיט די אויגן, און גייט שטאָלץ צוריק צו דער ארבעט, אַפן וועג וואַרפט ער א דרייסטן בליק צום וואנטזייגער: „אָ, וואַי, שוין האַלב צוועלף! מע דאַרף זיך צוזירן“.

ער אַיילט זיך צו זיין ארט, און פון אונטערן העמערל שיטן זיך לעבעדיקע קלעפּ איבער די קעפּלאַך פון די אומרואיקע שטיפטן. ווי א האגל שיטן זיי זיך, די קלעפּ, און קלינגען אָפּ פון די גרויסע פעסער, וואָס שטייען אינדרויסן באַם אָפענעם פענסטער, אָפּ-וואַרטנדיק, מע זאָל זיי אנפאקן מיט שוכווארג און איבערשיקן אין די רוסישע גו-בערניעס.—

———

עלקע, א דיקלעך ווייבל, ווי סע פאַסט פאַר א באַלעבאָסטע, איז געשטאנען באַם קוימען און געפרעגלט פעטס אף א פאטעלניע. דערביי האָט זי פון דער וועטשערע אויך ניט אראפגעלאָזט קיין אויג. זעליק, דער מאַן, דאַרף באַלד צוריקקומען פון גאַס און זי רירט זיך צו, ער זאָל טרעפן דאס עסן פאַרטיק. געשיקט טוט זי פלוצלינג אַ גאָס עטלעכע לעפל פעטס אף דער פאטע ניע. דער זאָד פון צאַפלדיקן פעטס אף דער קאָכעדיקער פא-טעלניע וועקט דעם לאַנגן נאָטע פון זיינע יאָנטעוודיקע דאיגעס.—אָט אזוי איז אַ טאינעג!—טראכט ער, אן אויג וואַרפנדיק צום קוימען—גרויסע באָבעס מיט ברייטע קלאָרע פאַרפל, מיט א יויך באַגאָסן, דערנאָך מיט פעטס... אַ מאַיכל!... דאָס מעג שוין ראָטשילד עסן! דאָס וואַסער קומט אים אין מויל אריין... דערביי דערפילט ער אבער, אז דאָס הארץ ווערט אים אויך וואסערדיק, אז דער געשמאַק פון „ראָטשילדס מאַיכל“, וואָס צעגייט זיך אין שטוב, שוואַכט אים וואָס אמאָל אפּ.

ער קאן לענגער שוין ניט זיצן און ער דרייט זיך איבער צו כאַיעמקען און זאָגט:

— ווי האַלסטו מיט דער ארבעט? שוין צייט צו גיין אהיים.

— באַלד, טאַטע- ענטפערט כאַיעמקע דערפרייט. און אין א ווײַלע ארום האבן זיי ביידע אַוועקגעלייגט די ארבעט, אָנגעטאָן די כאַלאַטלעך און געווינטשט א גוטע נאַכט דער באַלעבאָסטע. דערביי האָט נאָטע א פרעג געטאָן, וואו ער, איר מאַן, קאָן זיך איצט געפינען. זי פרעגט: צו וואָס? אין ער ענטפערט, אז ער דאַרף א ביסל געלט. עלקע גיט א צי מיט די אקסלען, אַז זי ווייסט ניט, און נאָטע מיטן אינגל האָבן זיך אַ לאז געטאָן צו דער טיר, זאָגנדיק נאכאַמאָל „א גוטע נאַכט“ צו דער באלעבאָסטע מיט די איבערגע-לאָזטע געזעלן.

———

מיריעם איז נאָך ניט געשלאפן. כאָטש זי איז שוין געלעגן אין בעט. כאַיעמקע האָט איר איבערגעגעבן, אז דער טאַטע איז געגאַנגען אויפזוכן זעליקן, און זי האָט

וואַכנדיק געוואַרט אַפן מאַן מיטן געלט. אין קליינעם נידעריקן שטיבל האָבן געאָטעמט אכט נעפאַשעס, מיריעם מיט צוויי קינדער זיינען געלעגן אין איין בעט, כאַיעמקע—אין א העלפט פון דער צווייטער; די צווייטע העלפט האָט ער איבערגעלאָזט פארן טאטן. צופוסן דעם מענישן בעט אף א שלאפבאנק שלאפן צוויי קינדער איבערגעדעקט מיטן פאָטערס אן אלטער קאַפּאָטע; נאָך איינס ליגט קעגנאיבער דער שלאָפבאַנק, אף אן אלטמאדישן פלאַכן קאַסטן, צוגעדעקט מיט דער מוטערס פאַטשיילע, ניט ווייט פון איר בעט. דאָס בלאַסע פענימל אַפן טונקלען קליינעם קישעלע, וואָס איז אנגעשפארט אָן קוימען, שימערט פאַר בלאַסקייט; איבערן קוימען שיינט אַ קליין לעמפעלע און ווארפט זיינע דינע טרויעריקע שטראַלן צום שאָכן,—דעם מעשענעם, פון פליגן געשפרענקלטן הענגלייכטער. דאָס ארים פייערל האָט אזוי טרויעריק געקוקט אפן גאנצן קלייבאַיעס, דעריקער—אַפן קליינעם, רויט-געפארבטן טישל, מיט דער צעפלאצטער דעק, וואָס פלעגט זיך אָפט עפענען ווי א פליגל פון א סוקע. סע הערן זיך טריט אונטערן פענסטער. מיריעם דערקענט דעם גאַנג, און שטעלט אן די מאַטע אויגן צו דער טיר, אין ווַעלכער דער „לאַנגער נאָטע" האט זיך באלד באַוויזן. שטיל ווי אַ גאַנעוו איז ער אַריינגעקומען און געהיט זיך, די טיר זאל באַם עפענען און פארמאַכן קיין סקריפּ ניט טאָן. אף די שפּיץ נעגל איז ער צוגעגאנגען צום טישל, אויסמיידנדיק דעם הענגלייכטער, פון וועלכן ער האָט שוין ניט איינמאָל געכאַפּט א פּסאַק פאַרן קריכן אים אין וועג אריין. ער וואַרפט א פּרואוונדיקן בליק איבער מיריעמס בעט, צי זי שלאפט ניט, און דערזעט אירע אָפענע אויגן. זי קוקט אף אים, באַטראַכט זיין אויסגעדארטן פּאָנים זיין בלאַס געזיכט, און פלוצלינג דערפילט זי צו אים אַזא הארציקן מיטלייד. אַז זי וואָלט אים די נעשאָמע אוועקגעגעבן, אַבי ער זאָל באַווייזן א פרייערן מוט... זי ווייסט, אַז נאר צוליב איר און די קינדער ווערט ער אזוי פארשווארצט און געפּייניקט זי שטארקט זיך און פרעגט שטיל, ווי אַ שטילע טויב: „נאָטע, האסט אים געפונען?" ער שאָקלט מיטן קאָפּ: „ניין"! זי פאַרשטיקט א זיפץ און זאָגט אים: „נעם דיר דארט די וועטשערע פון אפן קוימען". און גיט צו מיט א שווערן אטעם: „נאר וואָס פאַר א טאַם וועסטו שוין פילן... און ער... ער וווענדעט זיך צום קוימען, נעמט ארויס א טעפּל פון קאַלטן אש און, צוריקגייענדיק צום טיש, נעמט ער מיט דאָס לעמפּל מיט דער צווייטער האַנט. „געוואָרן א פּאַפּ דערפון, א פּאפּ צום ווארשטאט" — זאָגט ער, נעמענדיק דאס לעפל צום מויל. פיל עסן קאָן ער דאָך ניט: פּאָרט א פּאַפּ, און מער נאָך—פאַר מידקייט. ער האָט אוועקגעשטעלט דאָס טעפּל, און הויבט אן, אפן בעט זיצנדיק, צו לייענען „קרישמע. באָר ער ענדיקט זי ניט און ווערט איינגעשלאפן אין די קליידער.

———————

פון דער פינסטער אין עק גאַס שווימט אַרויס דער לאַנגער נאָטע, ער גייט האסטיק, זיין שווערער אָטעם הערט זיך פונווייטנס. ער איילט צו דער ארבעט.

———————

ער האָט שוין געטראָפן אייניקע געזעלן בא די וואַרשטאטן. דער „גיכער פייוול" האָט שוין געהאַט „פאַרשנורעוועט אַ פּאָר צום קאָווען". נאָטע זעצט זיך צו, אָן ניט פיל שפּעטער איז אים כאַיעמקע געקומען צו הילף. אַ שווערער אומעט ליגט אַף נאָטעס געזיכט. „וואָס זיצטו עפּעס היינט אזוי?—האָט פייוול געפרעגט.—„עט, גאָרניט!... וואָס? טאַנצן זאָל איך?"—ענטפערט נאָטע, אָן א בליק צו טון צום פרעגער. דערווייל איז זעליק אָנגעקומען פון גאַס. נאָטע האָט געפּאסט מוט און געבעטן עטלעכע רובל, זעליק האָט אים געגעבן דריי רובל. כאַיעמקעס אויגן האָבן אָנגעהויבן שטראלן פאַר פרייד, ווען דער פאָטער האָט אים דערלאַנגט דאָס געלט, אַהיים צו טראגן דער מוטער, און איז מיט רוישנדיקן קלאַפּ אין טיר אַרויסגעלאָפן פון שטוב. נאָטע וויל זיך אויך פרייען, נאָר ער קאָן ניט. עפּעס פילט ער זיך ניט גוט. ער האָט דערפילט, ווי אַ קנויל אונטערן האַרצן. און באַקומען אַ שרעקלעכן ווייטעק. פאַר די אויגן איז אים פינסטער געווארן, און די הענט האבן

אים אנגעהויבן שטארק צו ציטערן. סע מאַכן זיך אים די אויגן צו, און דער שטיוול פאַלט אים ארויס פון דער האַנט: סע ווערט אים הייס אין אלע גלידער. מיט אלע קרעפטן עפנט ער די אויגן און וויל זיך אויפהויבן און ארויסגיין זיך אפקילן אף דער לופט, דארט וועט אים גרינגער זיין צו אטעמען, נאר ער קאָן ניט. ער שפירט, אז ער וועט אומ-פאַלן, ווי ער וועט זיך נאָר רירן פון ארט. פייוול האָט עס באַמערקט און פרעגט וואָס איז. „ס׳איז מיר ניט גוט״—ענטפערט ער מיט א קורצן, שטילן אָטעם, און ווייזט אים, אז סע קלעמט אים אונטערן הארצן. די כאַוויירים לויפן צו אים צו, מע האט אים געוואָלט אָנלענען אף זעליקס בעט, נאָר נאָטע גיט אַ צייכן, מע זאָל אים אַרויספירן אין דרויסן. מע טוט זיין ווילן. פייוול נעמט אים אן בא איינער, נאָך אַ געזעל באַ דער צווייטער האַנט און מע פירט אים לאנגזאם ארויס פאר דער טיר. זיי האָבן אים אַוועקגעזעצט אַף אַ שטיין. וואָס איז דאָרט געלעגן, און ער האָט אנמעכטיק אָנגעשפאַרט דעם קאָפּ אין דער האַנט מיט א פארשטיקטן ברומען פון אַ פרעסנדיקן ווייטעק. „ס׳איז דיר בעסער?״ — פרעגן די כאַוויירים. ער שאָקלט מיטן קאָפּ אַף „ניין״... און קאָן קוים אַרויסברענגען אַ שטיל גע-בעט, מע זאָל אים אפפירן אַהיים. פייוול האָט געהייסן ארויסדערלאַנגען פון שטוב די כאַ-לאַטלעך; זיי האבן זיך און נאָטן אנגעטאָן און אהיים געפירט אונטער די הענט. נאָטע פילט זיך אלץ שווערער און שווערער. די פיס האבן זיך אים גאָר אָנמעכטיק נאָכגעשלעפּט.

מע פירט נאָטען אין שטוב אריין, מע לייגט אפּן בעט און פייוול לויפט נאָך א דאָק-טאר. אין דער לופט פון קליינעם שטיבל, וואָס איז אנגעפילט געוואָרן נאָך מיט מענטשן פון גאַס, האט נאָטע דעם רעשט אטעם פאַרלאָרן... דאס געשריי און געוויין ווערט העכער. דערויף קומט אן דער דאקטאר. ער האט א רעפּוּע פאַרשריבן און איז אוועקגעגאנגען. נאָטע איז אלץ, ווי אן אָטעם. מיטאמאל האבן זיך אים הויך אויפגעהויבן די ברעמען, זיינע אויגן האבן בא אים שאַרף און געשווינד אויפגעגלאנצט ווי בא אַ צאַנקענדיקער ליכט, און האָבן זיך באַלד צוריק פארלאשן... נאָטען איז ארויסגעגאנגען די נעשאָמע.

די ארויסגעשטויסענע מיריעם באַוויינט אים פאַר דער טיר. „לאָזט מיך!״—שרייט זי-- „לאָזט מיך נאָך איין מאָל אנקוקן מיין מאַן, רייסט מיך ניט אפּ פון אים!..

— „זאָל שוין זיין גענוג״,—האָבן אייניקע מאנסלייט געשריגן: „נעמט זי אוועק.״

פייוול האָט א וואונק געטאן צו צוויי פון זיינע כאַוויירים:

— „קומט צו זעליקן, מע מוז נעמען עטלעכע רובל אף טאַכריכים.״—האָט ער זיי גע-זאָגט, און זיי זיינען ארויס פון שטוב.

———

זעליקס באַלעבאָסטע האָט שוין דערפון געוואוסט, און איז זיי אנטקעגן געלאפן יאָגנדיק און מיט פאַרבראָכענע הענט: „אַן אומגליק, אזאַ אומגליק, אזאַ כורבן״...

„וואו איז זעליק?״—האט פייוול איבערגעריסן די קלאָג. זי ווישט זיך אויס די אויגן און ענטפערט טרוקן און באַליידיקט, אז ער וועט באַ׳ד קומען: „זעצט זיך!״ זעליק איז אויך באַלד געקומען און האט, צוגייענדיק צו זיי, געפרעגט: איר זייט שוין געווען באַ דעם גאַבע פון כעוורע קאַדישע?״ — „ניין״,—האָט פייוול געענטפערט,—„מע דארף געלט אַף טאַכריכים, כאָטש א רובל זעקס, און איר מוזט די טויווע טאן און געבן״. זעליק האט פייוולען א צייכן געגעבן, ער זאָל ניט ריידן אזוי הויך פארן ווייב, עס איז אבער שוין צו שפעט געווען. זי גיט אים א צי באַם ארבל. זי וויל אים עפעס זאגן אין א זייט. ער מאכט זיך ניט הערנדיק, גיט פייוולען זעקס רובל. פייוול מיט די כאַוויירים גייען ארויס. דעמאלט ערשט פרעגט ער, וואָס זי וויל אים זאגן.

— ווער וועט אפּארבעטן דאָס געלט? — פרעגט זי צארנדיק.—דיר כאָלעמט זיך, אז נאָטע לעבט נאָך?...

— ניט דיין דאַיגע!—ענטפערט ער, און גיט צו — כאַיעמקע וועט אָפּאַרבעטן. דויר הוילעך וועדויר באָ—אַ דאָר גייט אוועק און אַ דאָר קומט.

דזשעק לאָנדאָן

# פאַרשטרייקט

„וועסטו ניט אויפשטיין, דזשאָני, קריגסטו ניט קיין עסן“.

דידאָזיקע ווארענונג האָט אַפן אינגל קיין ווירקונג ניט געהאַט. ער איז זיך ווייטער געשלאָפן און בעשום אויפן ניט געוואָלט מיטן שלאָף זיך שיידן. די מוטער איז שוין גע-ווען געוואוינט דערצו און זי האָט ווייטער שטאַרק געטרייסלט דעם אינגל פאַר דער פלייצע.

— לאָז מיך צורו!

דאס איז געווען אַ קרענקלעכער געשריי פון שלאָף פול מיט ווייטעק און דערווי-דער פון אַ געפייניקטן. נאר די מוטער האָט אַף דערויף קיין אַכט ניט געלייגט. זי איז געווען אַ פרוי מיט אַן אויסדריק פון אומעט אין די אויגן, מיט אַ מידן פּאָנים, און די סצענע האָט זי קלאַל ניט געוואונדערט, ווייל זי האָט זיך טאג-טעגלעך איבערגעכאַזערט.

זי האָט אָנגעהויבן פון אים די קאלדרע אַראָפּשלעפּן, נאָר ער האָט זיך אָנגעכאַפּט פאַרצווייפלט אין דער קאלדרע, און אינגאַנצן אַ צענויפגעדרייטער אין דעם צעפוסנס פון בעט, איז ער נאָך אַלץ געבליבן צוגעדעקט.

דאַן האָט זי גענומען דעם מאַטראַץ אַף דער ערד אַראָפּשלעפּן. דער אינגל האָט ניט געלאָזט. זי האָט מיט אַלע קויכעס געאַרבעט און דער אינגל מיטן מאַטראַץ האָבןביידע געמוזט נאכגעבן.

ער האָט זיך אויפגעהויבן, אַ רעגע געבליבן, ווי ער וואָלט אַ ישעוו האבן, און דאַן געשטעלט זיך אַף די פיס. אין דערזעלבער מינוט האט ער די אויגן געעפנט. די מאַמע האָט אים אויפגעהערט צו טרייסלען. ער האָט זיך אויפגעכאַפּט.

— איך שטיי אויף — האט ער געזאָגט.

זי האָט אַ נעם געטאן דעם לאמפּ, אַף גיך אַרויס פון צימער און איבערגעלאזט אים אין דער פינסטער.

מע וועט דיך אפשטראפירן — האט זי אים אנגעזאגט.

די פינסטערניש האט אים ניט אויסגעמאַכט און ער האט זיך גענומען אנטאן.

אנגעטאן איז ער אין קיך אַריין.

ווערליק ער איז געווען מאָגער און גרינג האט ער געהאַט צו אַ שווערן טראט.

די פיס האבן זיך בײַ אים נאכגעשלעפּט פון זייער אייגענער שווערקייט.

ער האט צוגערוקט צום טיש אַ שטול מיט אַ דורכגעלעכערט דעקל.

— דזשאני — האט די מאַמע שאַרף אַף אים אַ געשריי געטאן.

ער האט זיך אויך אַזוי האַסטיק פון שטול אויפגעהויבן און איז צוגעגאַנגען צום קראַן. דאס איז געווען אַ שמוציקער מיעסער קראַן, פון וואַש-טאָפּ האט געשלאגן אַ שלעכ-טער רייעך. פאַר אים איז דאס געווען אַ געוואוינלעכע זאַך. ווי אויך דאס, וואס די זייף איז געווען ברודיק.

די מוטער האט פון קאכליקל דאס צעבראכענע דעקל אַראפּגענומען און אנגעגאסן צוויי טעפּעלעך קאַווע.

ער האט זיך אפּגעווישט מיט אַ נאַסן, שמוציקן צעריסענעם האַנטוך, וואס פעדים פון אים זיינען אַפן פּאנים פאַרבליבן.

— אַך ווי וואלט איך אַ באלן זיין מיר זאלן ניט וואוינען אַזוי ווייט — האט זי געזאגט, ווען ער האט זיך געזעצט. —

איך טו אַלץ וואס איך קאן נאר, דו ווייסט עס, נאר יעדער איבעריקער דאלער איז פאַר אונז א גרויסע זאך. און אויסערדעם איז אונז דא גראמער, פאַרשטייסט?

שוין אַזויפיל מאל איז אים אויסגעקומען צו הערן דאס זעלביקע. דער געדאַנק אירער איז שטענדיק געווענדעט געווען דערויף, וואס זיי וואוינען אזוי ווייט פון די פאַבריקן.

— פאַרן אָפגעשפּאָרטן דאלער קויפט מען עפעס מער איין אף עסן — האט ער באַמערקט.

— איך וועל דיר גיין ווייטער אַביסל, אַבי בעסער אפצועסן.

ער האט אַף גיך געגעסן דעם ברויט, פאַרטרונקען מיט דער קאווע און אַראפּגע-שלונגען קימאַט ניט קיין צעקייטע שטיקער.

די הייסע מוטנע פליסיקייט, וואס ער האט געטרונקען, האט געהאַט דעם נאמען קא-ווע. דזשאָני האָט געגלויבט, אַז דאס איז קאַווע, און נאך גוטע דערצו.

קיין עמעסע קאַווע האט ער נאך קיינמאל ניט געטרונקען.

אַלס צוגאב צום ברויט האט ער געקראגן אַ קליין שטיקעלע כאַזער-פליישׁ.

אפגעגעסן האט דזשאָני אויפגעשטעלט אַ פרעגנדיקן בליק, ווי ער וואלט געפרעגט, וואס וועט ווייטער זיין?

די מאַמע האט דאס גלייך באַמערקט.

נו, זיי ניט קיין כאַזער. דזשאָני — האט זי געזאגט — דיין כיילעק האסטו שוין באַקומען. דיינע ברידער און שוועסטער זיינען קלענער פון דיר.

ער האט דערויף גאָרניט געענטפערט. ער האט אויסגעווישט דאס מויל מיט דער האַנט און געוואלט אויפשטיין.

— וואַרט אַ ווײַלע — האט זי אַ זאג געטאָן — מיר דוכט, מע קאָן אפשניידן נאך אַ פּע-נעק ברויט, אַ גאַנץ דינעם. — דאס איז געווען אן אמצאע פון איר זייט. זי האט זיך קלוי-מערשט געמאַכט, ווי זי שניידט ברויט און אים געגעבן איינס פון די שטיקלעך, וואס זי האט פאַר זיך אנגעגרייט.

דערזען, אַז ער קייט טרוקן ברויט, איז זי צו אים צוגעגאַנגען און איבערגעגאסן קאַווע פון איר טעפּעלע אין זיינעם.

— עפעס גייט מיר היינט קיין טרינקען ניט — האָט זי באַמערקט.

אַ לאַנגער צעצויגענער פייף, וואָס האָט זיך פון ווייטן געלאָזט הערן, האָט זיי ביידן גע-צוואונגען אויפשטיין.

זי האָט אַ קוק געטאָן אַפן בלעכענעם וועקזייגער, וואָס איז אַף דער פּאלעצע געשטאַנען.

די ווייזערס האָבן געוויזן האַלב זעקס.

— מע מוז שפּאַנען — האָט זי געזאָגט — פאַרדרייט דעם לאָמפּ און פאַרלאָשן דאס פייער אַפן קוימען.

זיי זיינען טאַפּנדיק פון די טרעפּ אַראָפּ און פון שטוב אַרויס.

---

אין דרויסן איז געווען לויטער און קאַלט, און דזשאָני האָט אַ ציטער געטאָן באַ דער ערשטער באַרירונג מיט דער פרישער לופט. די שטערן האָבן זיך נאָך לעשן ניט אָנגעהויבן און די גאַנצע שטאָט האָט נאָך געהאַלטן אין נאַכט-שלאָף. דזשאָ-ני און די מאַמע האָבן ביידע גייענדיק די פיס געשלעפּט. די צאַרטע פיס-מוסקעלן האָבן ניט געהאַט דעם שטאלצן פּאַרלאַנג די פיס צו הויבן און האָבן זיי איבער דער ערד קוים באַוועגט.

אָפּגעגאַנגען פופצן מינוט שווייגנדיק, האָט זיך די מאַמע אַף רעכטס געווענדעט:

— פאַרשפּעטיק ניט, — האָט זי אים צום לעצטן מאָל פאַרזאָגט פון דער פינסטערניש אַרויס, וואָס האָט זי ווי איינגעשלונגען.

ער האָט גאָרניט געענטפערט און זיך ווייטער געגאַנגען. אין פאַבריק־ראַיאָ זיינע די טויערן אומעטום אָפן געווען און באַלד האָט ער זיך אויסגעמישט מיטן אוילעם, וואָס האָט זיך אין דער פינסטער געאיילט פאָרויס. אַז ער איז צום טיר פון פאַבריק צוגעקומען, האָט זיך ווידער דערהערט אַ פייף.

ער האָט אַ בליק געטאָן צו מיזרעך זייט, איבער די דעכער פון די ביניאָנים, וואָס האָבן זיך אין הימל אַריין געצויגן, האָט אנגעהויבן צו שימערן אַ בלאַסלעכע שיין. טאַקע נאָר אין דער מינוט האָט ער דעם טאג אין די אויגן געזען, און באַלד זיך אפגעטאָן פון אים, זיך אויסמישנדיק מיט דער אַרבעטער־מאַסע.

II

דזשאני האָט פאַרנומען זיין אָרט אין איינע פון די פולע לאַנגע רייעס באַ די מאַשינען.

פאַר אים, איבער אַ קאַסטן מיט קליינע שפולקעס אָנגעפילט, האָבן זיך געדרייט גרויסע שפולעס. אַף זיי האָט ער אַרויפגעוויקלט דזשוט־פעדים פון די קליינע שפולקעס, וואס זיינען געלעגן אין קאַסטן. די אַרבעט איז געווען איינפאַך. דאס איינציקע, וואס מע האט געפאדערט פון אים, איז געווען — פלינקייט. די קליינע שפולקעס האבן זיך אַזוי שנעל צענויפגעוויקלט און ס׳איז געווען אַזוי פיל גרויסע שפולעס, וואס האבן זיך אַרויפגעוויקלט, אַז ער האט קיין איין פרייע מינוט ניט געהאַט.

ער האט געאַרבעט מעכאַניש. ווען דאס קליינע שפולקעלע האט זיך צענויפגעוויקלט, האט ער מיט דער לינקער האַנט אפגעשטעלט די גרויסע שפולע און גלייכצייטיק מיט צוויי פינגער אונטערגעכאַפּט דעם אַנטלויפנדיקן עק פאדים. אין דערזעלבער צייט האט ער מיט דער רעכטער האַנט געכאַפּט דעם פרייען עק פאדים פון דער קליינער שפולקע. דידאזיקע פאַרוויקלטע אַרבעטן זיינען דורךביידע הענט אויסגעפירט געווארן איינע נאך דער אַנדע־רער. ווי בליצן האבן זיינע פינגער געגלאַנצט, בעשאַס ער האט די פעדים אין אַ קניפּל צענויפגעבונדן און אַ לאז געטאן די שפולקע. ס׳איז ניט געווען קיין שווערערע זאַך, ווי דידאזיקע קניפּלעך צו מאַכן.

אייניקע אינגלעך האבן געפּאַלשעוועט און די מאַשין האט באַ זיי אַ לאַנגע צייט ניט געאַרבעט, ווייל זיי האבן ניט אומגעביטן די צונויפגעוויקלטע קליינע שפולקעס אַף נייע. אַכטונג צו געבן אַף אַזעלכע קינדער איז געווען אַן אויפזעער. ער האט איינמאל דזשאניס כאַווער געכאַפּט און אים די אויערן אנגעדרייט.

— דו טו אַ קוק אַף דזשאנין; פאַרוואס אַרבעטסטו ניט ווי ער? — האט דער צעביי־זערטער אויפזעער געפרעגט... באַ דזשאנין האבן זיך די שפולקעס געדרייט, ווי אַ וויכער, נאר ס׳האט אים ניט גערירט דערדאזיקער שוואך.

ער איז געווען אַן אויסגעצייכנטער אַרבעטער. ער האט דאס געוואוסט. מע האָט אים אפט וועגן דעם געזאגט. ס׳איז באַ אים געווארן פון די געוויינלעכע זאַכן, און אויסער דעם האט זיך אים געדוכט, אַז דאס קאן אים קיין באַזונדערע נוצן ניט ברענגען.

דאס אינגל, וואס האט נעבן דזשאנין געאַרבעט, האט געכליפעט און געסאָפּעט. זיין פּאַנים האט אויסגעדריקט אַ סינע צום אויפזעער, וואס האט פון אים זיין בייזן בליק ניט אַראָפּגענומען; נאר דערפאַר האבן זיך די שפולקעס צונויפגעוויקלט אין אָרדענונג. דער אינגל האט מיט שרעקלעכע קלאַלעס געשאָלטן די שפולקעס, וואס האבן זיך פאַר אים געדרייט. נאר זיין קאָל איז ביז צום אויפזעער ניט דערגאנגען, ווייל ער איז געשטאַנען אַ פוס זעקס ווייטער פון אים. זיין שטים איז פאַרשטיקט געווארן אין דעם גערויש פון דער מאַשין, וואס האט אים ווי אַ וואַנט פאַרשטעלט.

אַף דעם אַלעם האָט דזשאָני קיין אַכט ניט געלייגט. דאָס אַלץ האָט זיך אָפּט אי־בערגעכאַזערט, ס'איז פיל מאָל אויסגעקומען צוזען אַזעלכע צופאַלן און ס'איז געוואָרן אַ געוואוינלעכע זאַך. דזשאנין האט זיך אויסגעוויזן, אַז ס'איז פונקט אַזוי איבעריק זיך אַקעגנצושטעלן דעם אויפזעער, ווי ניט וועלן פאָלגן דער מאַשין.

---

עלף אַזייגער האט זיך אין דער פלעכט-שטוב פלוצלינג אַלץ אַ רודער געטאָן. די סיבע פון דערדאָזיקער אומאָרדענונג האט זיך ניט געוואָרפן אין די אויגן און דאך האט זי טייקעף אַריינגעדרונגען אומעטום. דאס איינפיסיקע אינגל, וואָס האט געאַרבעט פון דזשאניס צווייטער זייט, איז נעלעם געווארן, ווי ער וואָלט איינגעזונקען געוואָרן אינם וועגעלע פאר די שפולקעס, וואס איז ליידיק געשטאַנען, פאַרשוואונדן אַהין צוזאַמען מיט דער קוליע. עס איז אַריינגעקומען דער פאַרוואַלטער פון פאַבריק און מיט אים איינער אַ יונגערמאַן. ער איז געווען שיין געקליידעט און געטראָגן שטייפע וועש — אַ דזשענטלמען, ווי דזשאני האט מענטשן אָפּגעטיילט, און גלייכצייטיק „אינ־ספעקטאָר". ער האט שאַרף געקוקט אַף די אינגלעך, ווען ער איז פאַרביי געגאַנגען נעבן זיי. טיילמאל איז ער שטיין געבליבן און פאַרגעבן פראַגן. צעפרעגנדיק זיך, האט ער גע־מוזט שרייען אַף אַ קאָל, דערביי האט זיך זיין פאָנים לעכערלעך אָנגעצויגן בעשאַס ער האט זיך אָנגעשטרענגט, אַז מ'זאָל אים דערהערן.

זיין פלינק אויג האט באַמערקט דאס ליידיקע אָרט נעבן דזשאָנין, נאר ער האט גאָרניט געזאָגט. דזשאני האט אויך זיין אויפמערקזאמקייט צו זיך צוגעצויגן, און ער האט זיך פלוצלינג אָפּגעשטעלט. ער האט דזשאָנין פאַר אַ האַנט אָנגעכאַפּט און אים אַ שפּאַן פון דער מאַשין אָפּגעשלעפּט, נאר אַ פאַרוואונדערטער גלייך זיין האַנט אָפּגעלאָזט.

— רעכט מאָגער טאַקע,—האט דער פאַרוואַלטער געזאגט מיט אַ שמייכל.

— ווי אַ שטעקעלע—איז דער ענטפער געווען, — טוט נאר אַ קוק אַף זיינע פיס דאס אינגל האט ראַכיטיזם, ס'הויבט זיך באַ אים ערשט אָן, נאר ער האט עס שוין. אויב ער וועט סאָפּקאָלסאָף ניט ווערן קיין עפּילעפּטיקער, איז עס נאר דערפאַר, ווייל נאך פריער וועט באַ אים שווינדזוכט ווערן.

דזשאני האט געהערט, נאר ניט פאַרשטאַנען.

דאס, וואס ס'קאָן זיך אַמאָל טרעפן, האט אים וויניק-וואס געקימערט. געאַרט האט אים די סאַקאָנע, וואס שטייט אים איצט פאָר מיצאַד דעם אינספּעקטאָר.

— הער אויס, אינגל, נאר איך וואלט וועלן, זאָלסט מיר דעם עמעס זאָגן,—האט דער אינספּעקטאר אַרויסגערעדט, צי אויסגעשריען, זיך צוטולענדיק צום אינגלס אויער. קעדיי ער זאָל אים דערהערן —

— ווי אַלט ביסטו?

— פערצן—האט דזשאני אַ ליגן געזאגט, ער האט אַזוי הויך דעם ליגן געזאגט, אַז עס האט זיך אים ארויסגעריסן א טרוקענער, אָפּגעהאַקטער הוסט און אויפגעהויבן דעם גאַנצן שטויב, וואס האט יעדן פרימארגן אין זיינע לונגען אָפּגעלייגט.

— און אויסזען זעט ער אויס, וויינקסטנס פון אַ יאר זעכצן — האט דער פאַרוואַל־טער באַמערקט.

— אָדער זעכציק—האט דער אינספעקטאר אונטערגעכאַפּט.

— ער האט שטענדיק אַזוי אויסגעזען.

— פון ווען אָן?—האט דער אינספעקטאר האַסטיק אַ פרעג געטאָן.

— שוין פיר יאר, און ער האט קיינמאל ניט אויסגעזען עטוואס עלטער.

— אָדער יונגער—קאָן מען זאָגן. ער האט, מיסטאָמע, אַלע יארן דא געאַרבעט? —

— אי געאַרבעט, אי אַוועק פון דער אַרבעט, נאר דאס איז געווען, נאָך איידער דער נייער געזעץ איז אָנגענומען געוואָרן—האט דער פאַרוואַלטער געאיילט צוצו גבן.

— די מאשין אַרבעט ניט ?—האט דער אינספעקטאר געפרעגט און אָנגעוויזן אַף דער מאַשין נעבן דזשאַנין, וואו די געלאזענע שפּולקעס האבן זיך געדרייט, אין דער וועלט אַריין.

— וואס איז דאס ?—דער פאַרוואַלטער האט צוגערופן דעם אויפזעער, אים אַ געשריי געטאן אַפן אויער און אָנגעוויזן אַף דער מאַשין.—די מאשין אַרבעט ניט—האט ער געמאָלדן דעם אינספּעקטאר.

זיי זיינען דורכגעגאַנגען ווייטער, און דזשאַני האט זיך צוריקגעקערט צו זיין אַרבעט, צופרידן, וואס די געפאַר איז פאַרביי. נאר דאס אינגל מיטן איינציקן פוס איז ניט געווען אַזוי גליקלעך. דעם אינספעקטארס שאַרף אויג האט אים פאָרט דערזען. די ליפּן האבן באַם אינגעלע געציטערט און אַ פּאָנים האט ער געהאַט פון אַ מענטשן, וועלכן ס'האט געטראָפן אַ גרויסע צאָרע, צו וועלכער מע קאן שוין גאָרניט העלפן.

דער אויפזעער איז געבליבן פאַרוואונדערט, ווי ער וואָלט, אַשטייגער, דאס אינגל צום ערשטן מאָל דערזען, בעשאַס דעם פאַרוואַלטערס פּאָנים האט אויסגעזען אומצופרידן און פאַרדריסלעך.

— איך קאָן אים—האט דער אינספעקטאר געזאָגט—ער איז אַלט צוועלף יאָר. אין פאַרלויף פון איין יאָר האב איך אים שוין פון דריי פאַבריקן אָפּגעזאָגט. דאָס איז שוין די פערטע.

ער האָט זיך געווענדעט צום איינפיסיקן אינגל:

— האָסט דאך אַן ערנוואָרט געגעבן, אַז דו וועסט אין שול גיין?

— האָט ראַכמאָנעס, הער אינספעקטאָר, צוויי קינדער זיינען באַ אונז געשטאָרבן און מיר זיינען שרעקלעך אָרעם.

— און פאַרוואָס הוסטו אַזוי? — האָט דער אינספעקטאָר געפרעגט, ווי ער וואָלטו אים אין אַ פאַרברעכן באַשולדיקן.

און דאָס איינפיסיקע אינגל, ווי ער וואָלט זיין אומשולד וועלן דערווייזן האט גע-ענטפערט:

— ס'איז גאָרניט, איך האב מיך יענע וואָך צוגעקילט, הער אינספעקטאָר, ווייטער גאָרניט.

סאָפקאָלסאָף איז דאס איינפיסיקע אינגל אַרויס פון וועב-שטול און אַוועק צוזאַמען מיטן אינספעקטאר און מיטן פארוואַלטער, וואס איז באַאומרואיקט געווען און האט פּראָטעסטירט.

דאַן האָט זיך ווידער אָנגעהויבן די איינגעשטעלטע אַרבעט.

דער לאַנגער פרימאָרגן איז פאַרביי, און דער נאָך לענגערער נאָכמיטאָג איז אַוועק, און דאס פייפל האט אויסגעפייפט, אַז די אַרבעט איז געענדיקט.

געווען איז שוין פאַרנאַכט, ווען דזשאַני איז געגאַנגען פון דער אַרבעט. די זון האט זיך געזעצט, באַגילדט דעם הימל און געשיקט דער וועלט אירע לעצטע וואַרימע שטראַלן, לעסאָף, פאַרשוואונדן אַף מאַירעוו-זייט הינטער דער ראָזער ליניע אַפן בלויען הימל, וואו ס'האבן זיך אַריינגעשניטן די דעכער פון די הייזער.

III

דזשאַני האט שטענדיק, זיין גאַנץ לעבן געהאַט צו טאָן מיט מאַשינעס, ער איז אויפגעוואַקסן און זיך דערצויגן צווישן זיי. פאַר זעכצן יאָרן, האט זיך אין דערזעלבער פאַבריק אין דער וועב-אָפּטיילונג פאַסירט אַ זאַך, וואס האט געבראַכט אַ געוויסע צערו-דערונג. דזשאָניס מאַמען איז ניט גוט געוואָרן. מע האָט זי אַף דער ערד אַוועקגעלייגט, צווישן די רוישנדיקע מאַשינעס. צוויי עלטערע פרויען האבן געמוזט אין מיטן דער אַרבעט צוגיין צו איר. דערביי איז אויך געווען דער אויפזעער. אין עטלעכע מינוט אַרום האט זיך

אין דער וועב-אָפּטיילונג געפונען מיט אַ באַשעפעניש מערער, ווי אינדערפרי. דאס איז געוועזן דזשאָני, וואס איז געבוירן געוואָרן אונטערן רוישן און קלאפּן פון די וועב-מאַשינעס און פון דער ערשטער רעגע, ווי ער איז נאָר אַף דער וועלט געקומען, האט ער שוין איינגעאָטעמט אין זיך די וואַרעמע פייכטע לופט מיט די שטיקלעך פליאַכעס, וואס האבן זיך געטראָגן אין וועב-שטול. ער האט גלייך אָנגעהויבן צו הוסטן, קעדיי צו ריין מאַכן די לונגען פון דעמדאָזיקן שטויב און דעריבער טאַקע הוסט ער פון דעמאָלט אָן.

ווען ס'איז אים געוועזן זעקס יאָר, איז ער געוואָרן טאַטע-מאַמע פאַר די קלענערע קינדער. דער טאַטע איז געוועזן טויט און די מאַמע האט אויך ווי איצט אַפן פאַבריק געאַרבעט.

צו זיבן יאָר האט ער אָנגעהויבן אַף דער פאַבריק גיין—שפּולקע צו וויקלען.

אַז ער איז אַלט געוואָרן אַכט יאָר, איז ער אַריבער אַרבעטן אַף אַ נייער פאַבריק זיין נייע אַרבעט איז געוועזן גאָר אַ גרינגע. דאס איינציקע, וואס מע האָט פאַרלאַנגט פון אים, איז געוועזן—צו זיצן מיט אַ קליין שטעקעלע אין האַנט און אַכטונג געבן אַפן לייוונט, וואָס איז פאַר אים געלאָפן.

דערדאָזיקער לייוונט פלעגט אַרויסגיין פון אַ מאַשין, אדורכגיין אַ הייסן וואַלק און זיך לאָזן ווייטער אין אַן אַנדער מאַשין. נאר דאס אינגל איז שטענדיק אַף איין אָרט געזעסן אין יענער אָפּטיילונג, וואו ער האט ניט אָנגעקוקט די שיין פון טאָג און וואו ס'איז געוועזן נאר אַ גאַז-באַלייכטונג,—ער איז געוועזן ווי אַ טייל פונם מעכאַניזם.

ניט געקוקט אַף דער פייכטער וואַרימקייט, פלעגט ער זיך דאָ פילן זייער גוט, ווייל ער איז נאך יונג געוועזן און פאַרטאָן אין אוילעם האדימיען, און קאָלערליי זאַכן האָבן זיך אים פאָרגעשטעלט, בעשאַס ער האט אַכטונג געגעבן אַף דעם אומענדלעכ פאַס לייוונט. נאָר באַ דערדאָזיקער אַרבעט איז אים קלאַל ניט אויסגעקומען צו מיען זיך, און ער האָט אַלץ ווייניקער און ווייניקער געטראַכט, אַזוי לאַנג ביז דער מויאַך האט אינגאַנצן אויפגעהערט צו אַרבעטן און איז איינגעשלאָפן. ער פלעגט פונדעסטוועגן פאַרדינען צוויי דאָלער אַ וואָך, און דאס איז פונקט געווען אַף ניט צו שטאַרבן פון הונגער און ניט פילן קיין איבערזעט.

נאָר אַז ס'איז אים געוואָרן ניין יאָר, האט ער פאַרלאָרן די אַרבעט. ס'האָבן זיך אונטערגעכאַפּט מאָזלען. אַז ער איז געזונט געוואָרן האט ער באַקומען אַרבעט אין אַ הוטע דער לוין איז געווען גרעסער און באַ דער אַרבעט איז נויטיק געווען געשיקטקייט. די אַרבעט איז געווען פון שטיק, און וואס פלינקער ער האט געאַרבעט אַלץ מער האָט ער פאַרדינט. דאס האט געשטויסן צו אַרבעט און מאַכמעס דעם איז פון אים אַרויס אַן אויסגעצייכנטער אַרבעטער.

אַן אַרבעט איז עס געווען אַן איינפאַכע. מע האָט באַדאַרפט צובינדן גלעזערנע פּראָפּנס צו גלעזערנע פלאַקאָנעס. באַם גאַרטל האט ער געהאַט אַ פּאַק בענדלעך. ער האט די פלאַקאָנעס געלייגט אַף דער ערד נעבן די פיס אַזוי, אז ער זאל מיטביידע הענט קאָנען אַרבעטן און זיצנדיק איינגעהויקערט איבער די פלאַקאָנעס, איבערגעבויגן איבער די קני, אַזוי, אַז זיין שמאָלע פּלייצע איז איינגעהויקערט געוואָרן, האט ער צען שאָ געאַרבעט און דעם רוקן ניט אויסגעגלייכט. דאס איז געווען שעדלעך פאַר די לונגען, נאר דערפאַר פלעגט ער באַווייזן צוצוגרייטן דריי הונדערט טוץ פלאקאָנעס אַ טאָג. דער פאַרוואלטער פלעגט שטאָלצירן מיט אים און פירן זיינע באַזוכער אים אָנצוקוקן. אין פאַרלויף פון צען שאָ זיינען דריי הונדערט פלאַקאָנעס איבערגעווען אין זיינע הענט. ער האָט געאַרבעט מיט דער גיכקייט און פינקטלעכקייט פון אַ מאַשין. אַלע איבעריקע באַוועגונגען זיינען באַזייטיקט געוואָרן. יעדע באַוועגונג פון זיינע דינע פינגער איז פאָרגעקומען פלינק און פינקטלעך. ער האָט געאַרבעט מיטן גרעסטן אָנשטרענג און סאָפּקאָלסאָף איז ער נערוועז געוואָרן. אַפילע באַנאַכט אין שלאָף פלעגט ער זיך ווייטער שאָקלען און באַוועגן מיט די פינגער. ער האט

אויך באַטאָג קיין מינוט רו ניט געהאַט. ער איז געבליבן אַן איינגעבויגענער און זיינע מוסקולן האָבן זיך ווייטער געדרייט. ער איז בלאַס געוואָרן אַפן געזיכט און דער הוסט האט זיך באַ אים געשטאַרקט, דערנאָך האט ער באַקומען אַ לונגען-אָנצינדונג און האָט אין דער הוטע דאָס אָרט פאַרלאָרן.

אַז ער איז צו זיך געקומען, האט ער זיך צוריקגעקערט אין דער דזשוט-פאַבריק, וואו ער פלעגט אַמאָל שפולקעס וויקלען. איצטיק מאָל האָט ער געזאָלט אַ העכערע שטעלע באַקומען. ער איז דאָך אַ וואוילער אַרבעטער געווען.

פון דעמאָלט אָן האָט זיך שוין גאָרניט געענדערט, און יעדן טאָג האָט זיך איבערגעכאַזערט דאס זעלבע, וואָס נעכטן.

דאָך זיינען אין זיין לעבן פאַרשיידענע גרויסע געשעענישן פאָרגעקומען. איינע פון זיי איז געווען דער טאָג, ווען זיין מאַמע האָט עטלעכע קאַליפאָרנישע פלוימען געקויפט. ווייטער, ווען די מאַמע האָט אַ מילכיקן פיינקוכן געמאַכט. דאָס זיינען געווען עמעסע געשעענישן. ער פלעגט זיך דערמאָנען אָן זיי מיט פאַרגעניגן. אוןביידע מאָל האָט אים די מאַמע דערציילט וועגן א מאיכל, אנ׳אויסנעם, וואָס זי האָט געהאָפט אַמאָל צו מאַכן—„שווים-אינזל“, ווי זי האָט עס גערופן—„נאָך בעסער, ווי אַ מילכיקער פיינקוכן“. אין מעשעך פון עטלעכע יאָר איז אים געקומען פאַר די אויגן יענער טאָג, ווען ער וועט באַם טיש זיצן און פאַר אים וועט שטיין דער „שווים-אינזל“, ביז ער האָט עס אָפגערוקט צווישן די אַלע האָפענונגען, וואָס ווערן קיין מאָל ניט מעקויעם.

איינמאָל האָט ער אַפן וועג גאָר אַ זילבערנעם קווארטער געפונען. דאָס איז אויך געווען אין זיין לעבן אַ גרויס געשעעניש און נאָך זייער אַ טרויעריקע דערצו.

ער האָט געוואוסט, וואָס ער האָט צו טאָן, בעשאַס ער האָט אַף דער ערד די זילבערנע מאַטבייע דערזען; אינדערהיים איז, געוויינלעך, געווען ווייניק וואָס צו עסן,—האָט ער באַדאַרפט דעריבער אַהיים קומען און זאָגן, אַז דאָס איז לוין פאַר דער אויבעראַרבעט, שאַבעס אפדערנאַכט, אַז ער האָט אַזוי באַדאַרפט טאָן, דערין קאָן קיין סאָפעק ניט זיין; נאָר ער האָט קיינמאָל אַף זיך קיין געלט ניט אויסגעגעבן און אים האָט זיך שרעקלעך פאַרגלוסט עפּעס אַ נאַש צו טאָן. ער האָט זייער ליב געהאַט זיסע זאַכן, וואָס ס׳איז אים אויסגעקומען צו פאַרזוכן אַמאָל, באַ עפּעס אַ זעלטענעם יאָנטעוו.

ער האָט זיך גאָרניט באַמיט אָפצוגעבן זיך דעם גערעכט. ער האָט געוואוסט, אַז ס׳איז אַ כעט, און האט בעפיירעש געזינדיקט, בעשאַס ער האט געפויעלט באַ זיך 15 סענט אויסגעבן אַף נאַשערַיי. צען סענט האט ער אָפּגעלייגט אַף אַן אנדער מאל, נאר ווייל ער איז ניט געוואוינט געווען באַ זיך קיין געלט צו האַלטן, האט ער דידאזיקע צען סענט פאַרלארן, און ער האט עס אנגענומען פאַר אַנ׳אפקומעניש פאַר זיין זינד.

בעשאַס ער פלעגט זיך אומקוקן אַף זיין פאַרגאנגענהייט, פלעגט ער דאסדאָזיקע געשעעניש שטענדיק האַלטן פאַרן איינציקן וויכטיקן פאַרברעכן, וואָס ער איז אין זיין לעבן באַגאַנגען. ער וואָלט דעמדאָזיקן קווארטער אַף עפּעס בעסערס געקאָנט אויסנוצן. ווען ער וואָלט געקאָנט פאָרויסזען, וואָס פאַר אַ שטראָף אים שטייט פאָר, וואָלט ער עס געקאָנט אויסמיידן און דעם גאַנצן קווארטער מיט אמאָל אויסגעבן.

אַז ער האָט זיך אינם פאַרגאַנגענעם דערמאָנט, פלעגט ער טויזנט מאָל זיין קווארטער אויסגעבן און אלע מאָל אלץ אַף א בעסערן אויפן.

אַז ער איז אלט געווען פערצן יאָר, איז ער אַריבער ארבעטן אין דער קראָכמאל-אָפּטיילונג. דאָס איז פאר אים אן עמעס געשעעניש געוו׳ען. סאָפקאָלסאָף איז פאָרגעקומען עפּעס אַ זאַך, וואָס ס׳איז קעדאי עס אפן קאָפּ האַלטן. דאָס האָט באצייכנט א גאנצע טקופע.

„ווען איך האָב אָנגעהויבן אַרבעטן אין קראָכמאַל-אָפּטיילונג״,—אָדער „איידער איך האָב אָנגעהויבן צו ארבעטן אין קראכמאל-אָפּטיילונג״—אזוינע רייד האָבן זיך אָפּט פון זיין מויל ארויסגעריסן.

זיין זעכצנטן געבורסטאָג האָט ער געפייערט, ווען ער איז אין דער וועבעריי ארי-בער און א וועב-שטול באקומען. דאָס האָט ווידער זיין מוט געהויבן, ווייל ער איז אריבער אף שטיק ארבעט.

צום ענדע דריטן כוידעש האָט ער שוין געארבעט בא צוויי, און שפּעטער—בא דריי און פיר וועב-שטולן.

סאָף צווייטן יאָר האָט ער שוין אויסגעארבעט מער יארדן, ווי סאמע דער בעסטער צווישן די וועבער, און צוויי מאָל אזויפיל יארדן, ווי א געוויינלעכער ארבעטער. און אינ-דערהיים האָט זיך די לאגע אלץ פארבעסערט, וואָס מער ס׳איז געוואקסן זיין ארבעטס-קראפט; דאָך האָבן זיינע געהעכערטע סכירעס נאָך אלץ די נויט ניט באזייטיקט. די קלענערע ברידערלעך זיינען אונטערגעוואקסן, האָבן מערער געגעסן... זיי זיינען אין שול געגאנגען, אין מאכשירים דארף מען. אכוץ דעם, איז וואָס פלינקער ער האָט געארבעט, אלץ שנעלער האָבן אף אלץ זיך די פרייזן געהויבן. אפילע דאָס דירע-געלט איז געוואקסן, כאָטש דאָס הויז איז צו גרונט געגאנגען, ווייל מע האָט קיין רעמאָנט ניט געמאכט.

דזשאני איז וואוקסיקער געוואָרן. נאָר דורך דעם האָט ער אויסגעזען נאָך מאָגע-רער, ווי פריער. ער איז אויך נערוועזער געוואָרן, צוזאַמען מיט דער נערוועזקייט איז אויך שטאַרקער געוואָרן זיין אָנגערוקטקייט און צערייצטקייט.

די קינדער האָבן שוין גוט געוואוסט, ווי געפערלעך ס׳איז זיך אָנהויבן מיט אים. די מוטער האָט אים געשעצט פאַר זיין אַרבעטס-קראַפט, נאָר אין איר אַכטונג צו אים איז טיילמאָל אַ שווערע זאָרג געלעגן.

ער האָט אין לעבן קיין פריידן ניט געהאַט. ער האָט קיינמאָל ניט געזען, ווי די טעג זיינען פאַרביי. באַנאַכט איז ער געשלאָפן און אין שלאָף זיך אומבאַוואוסטזיניק געטרייסלט. די איבעריקע צייט האָט ער געאַרבעט מיט דעם סייכל פון אַ מאַשין. זיין קאָפּ איז ליי-דיק געווען. ער האָט קיין דימיונעס ניט געהאַט. אויסער איין-און-איינציקן—אַז ער טרינקט וואיילע קאווע. ער איז געווען אַנ׳אַרבעטס-בעהיימע. ער האָט ניט געהאַט קיין גייסטיק לעבן; און דאָך, אין דער טיפעניש פון זיין פאַרשטאַנד, אומבאוואוסט פאַר אים אליין, האָט ער אָפּגעוואויגן און אַפּן קאָפּ געגומען אַ יעדע שאָ פון זיין אַרבעט, יעדן ריר פון זיינע הענט, אַ יעטווידע מוסקולן-צונויפציאונג, און די צוגרייטונגען צו דער שפּעטערדיקער גע-שעניש, וואָס האָט אים און דאָס גאַנצע קליינע וועלטל איבערגעראַשט.

IV

דאָס איז געשען שפּעט אין פרילינג. דזשאָני איז אין אָוונט צוריקגעקומען אַהיים פון דער אַרבעט און געפילט אַנ׳אומגעהויערע מידקייט. אין דער לופט האָט געשוועבט עפּעס אימגעוויינלעכס. בעשאַס ער האָט זיך צום טיש געזעצט, נאָר ער האָט עס ניט באַמערקט. ער האָט געגעסן, כמורע און שווייגנדיק, און מעכאַניש אפגעגעסן, וואָס ער האָט געהאַט פאַר זיך. די קינדער האָבן האַנאָע געהאַט און געשמאַקעוועט מיט די ליפּן. נאָר ער האָט עס, ווי ניט געזען.

— דו ווייסט, וואָס דו עסט? האָט אים די מאַמע, ענדלעך, געפרעגט מיט אַן אום-צופרידענעם טאָן.

ער האָט טאַמעוואַטע אַ קוק געטאָן אַפּן געקעכץ, וואָס איז פאַר אים געשטאַנען און נאָכדעם אַזאַ בליק אויך אַף דער מאַמע אָנגעשטעלט.

— דו עסט דאָס „שווים-אינזל״! האָט זי פּייערלעך דערקלערט.

— אָ—האָט ער געזאָגט, און דאַן, אַז ער האָט אַראָפּגעשלונגען נאָך צוויי צי דריי שטיקלעך, האָט ער צוגעגעבן:

— עפּעס עסט זיך היינט ניט.

ער האָט די לעפל אַוועקגעלייגט, אָפּגערוקט דעם שטול און זיך שווער פון טיש אויפגעהויבן.

— ווייזט אויס, ס'איז פאַר מיר גלייכער צו גיין שלאָפן.

זיינע פיס האָבן זיך געשלעפּט מער ווי קעסיידער, בעשאַס ער איז אין קיך געגאַנגען, דאָס אויסטון זיך איז אים אָנגעקומען מוירעדיק שווער, פאַרשאַפט אים גרויסע שמערצן און ער האָט זיך אַפּילע צעוויינט, ווען ער איז אַפן בעט געפאַלן, און איין שוך טאַקע ניט אויסגעטאָן.

דער רוקן האָט שרעקלעך געבראָכן. דאָס גאַנצע לייב האָט אים ווי געטאָן. און אין זיין קאָפּ האָט זיך אָנגעהויבן אַ טומל, אַ הו-האַ, אַ ליאַרעם פון אַ מיליאָן וועבשטולן. דער גאַנצער כאַלאַל איז אָנגעפילט געוואָרן מיט פליענדיקע וועבער-שיפלעך. זיי האָבן דאָ און דאָרטן געשימערט, אויסגעמישט זיך צווישן שטערן. ער האָט אַליין געאַרבעט באַ טויזנט שטולן, און זיי האָבן אַלץ שנעלער און שנעלער געדרייט זיך, און זיין מויעך האָט זיך אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער געפּלאָנטערט.

אַף מאָרגן איז ער צו דער אַרבעט ניט געגאַנגען. ער איז צופיל פאַרנומען געווען באַ די טויזנט שטולן, וואָס האָבן אין זיין קאָפּ אַרומגעיאָגט. זיין מוטער איז יאָ געגאַנגען צו דער אַרבעט, נאָר אַפּריער נאָכן דאָקטאָר געשיקט.

דער דאָקטאָר האָט געזאָגט, אַז ער האָט זייער אַ שטאַרקן גריפּ-פאַל.

זיין שוועסטערל דזשעני איז געבליבן נעבן אים זיצן, קעדיי פאַר אים אַלץ צו באַזאָרגן. די קרענק איז געווען זייער אין אַ שווערעֶר פאָרם און דזשאָני האָט ערשט אין אַ וואָך אַרום געקאָנט זיך פון בעט אויפהויבן. אַף דער צווייטער וואָך האָט דער דאָקטאָר געזאָגט, אַז ער וועט שוין קאָנען צו דער אַרבעט גיין. דער פאַרוואַלטער פון דער וועבעריי האָט אים באַזוכט שאַבעס נאָך מיטאָג, צום ערשטן טאָג נאָך זיין געזונט ווערן.

— ער איז דער בעסטער וועבער—האָט דער פאַרוואַלטער צו דער מאַמען געזאָגט—זיין שטעלע בלייבט פאַר אים.

ער קאָן קומען צו דער אַרבעט איבעראַכטאָג מאָנטיק.

— פאַרוואָס-זשע זאָגסטו קיין דאַנק ניט, דזשאָני?

האָט אים די מאַמע אומרואיק געפרעגט.

— ער איז אַזוי קראַנק געווען און איז נאָך אַלץ צו זיך ניט געקומען—האָט זי זיך באַמיט אים פאַרן גאַסט צו פאַרענטפערן.

דזשאָני איז געזעסן איינגעהויקערט און מיט אָנשטרענגונג צו דער ערד געקוקט. לאַנג איז ער אין אַזאַ לאַגע געזעסן אויך נאָכדעם, ווי דער פאַרוואַלטער איז אַוועקגעגאַנגען.

טיילמאָל האָבן זיך זיינע ליפּן באַוועגט. ער האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט עפּעס אין כעשבוינעס געווען פאַרטיפט.

צומאָרגנס איז ער אַפן גאַניק אַרויס, ווי נאָר די זון האָט אַ וואַרים געטאָן, און האָט זיך אַף אַ טרעפּל געזעצט.

ער האָט געהאַלטן אַ פּאַפּיר מיט אַ שטיקל בלייפעדער און האָט ווייטער זיינע כעשבוינעס געמאַכט.

דידאָזיקע אויסרעכענונגען האָבן אים קאָנטיק, געקאָסט פיל מי. „וואָס גייט נאָך מי-ליאָנען?„ האָט ער באַטאָג אַ פרעג געטאָן בײַ זיין ברודער, וואָס איז פון שול אַהיים גע-קומען—„און ווי מאַכט מען דאָס?"

אָוונט-צייט האָט ער געענדיקט די אויסרעכענונגען זיינע.

און דאַן פלעגט ער יעדן טאָג, נאָר שוין אָן פאַפיר און בלייפעדער, אַרויסגיין און זיך אַפן גאַניק זעצן. זונטיק, ווען ער איז אַפן גאַניק געזעסן, האָט ער זיך אייניקע מאָל צעלאַכט. דאָס האָט זייער פאַרוואונדערט זיין מאַמען, ווייל עטלעכע יאָר האָט זי ניט גע-הערט, אַז ער זאָל לאַכן.

צומאָרגנס איז זי נאָך פאַרטאָג צוגעגאַנגען צו זיין בעט אים אויפצוועקן. די גאַנ-צע צייט איז ער געשלאָפן וויפל ער האָט געוואָלט, און דעריבער האָט ער זיך איצט לייכט אויפגעכאַפט.

ער איז רואיק אַפן בעט געלעגן און אויך אַזוי רואיק געזאָגט- „אומזיסט די טיר-כע, מאַמע".

— ווערסט פאַרשפעטיקן--האָט זי געזאָגט, מיינענדיק, אַז דאָס רעדט ער פון שלאָף.

— איך בין שוין וואכנדיק, מאַמע, און זאָג דיר נאָכאַמאָל, ביסט זיך אומזיסט מאַ-טריאַך, דו קאָנסט מיך לאָזן צורו, איך וויל ניט אויפשטיין.

— קענסטו דאָך די אַרבעט אנווערן—האָט זי אויסגעשריען.

— איך וויל ניט אויפשטיין—האָט ער איבערגעכאַזערט מיט אַ מאָדנעם גלייכגיל-טיקן קאָל.

יענעם טאָג איז זי שוין אַליין אויך צו דער אַרבעט ניט געגאַנגען! דאָס איז בעווען אַ קרענק, וואָס האָט איבערגעשטיגן אַלע, וואָס זי האָט געקענט. פיבער און היץ האָט זי געקאָנט פאַרשטיין. נאָר דאָס איז געווען אַ שיגאָיען. זי האָט אים צוגעדעקט מיט דער קאָל-דרע און דזשענין נאָכן דאָקטאר געשיקט.

אַז דער דאָקטאָר איז געקומען, איז דזשאָני רואיק געשלאָפן, נאר זיך גלייך אויפ-געכאַפט אין אַן שום טאַינעס געלאָזט דעם דויפעק א טאפ טאָן.

— ס'איז גארניט, האָט דער דאָקטאָר דערקלערט.

שטאַרק שוואַך, ווייטער גאָרניט, הויט און ביין אַפן לייב.

— ער איז שטענדיק געווען אַזאַ,— האָט די מאַמע געזאָגט.

— איצט גיי, מאַמע, און לאָז מיר זיך אויסשלאָפן.

דזשאָני האָט גערעדט ניט אויפגערעגט, רואיק; און אויך אזוי גאַנץ רואיק זיך אף א זייט אויסגעקערעוועט און איז איינגעשלאָפן.

זייגער צען האָט ער זיך אויפגעכאַפט און זיך אָנגעטאָן. ער איז אריין אין קיך, וואו ער האָט געטראָפן זיין מאַמע מיט אַנ'אויסדריק פון שרעק אַפן פּאָנים.

— איך גיי אוועק, מאַמע, איך וויל זיך מיט דיר געזעגענען.

זי האָט דעם פאַרטוך אַפן קאָפּ פאַרוואָרפן, זיך געזעצט און פלוצלינג זיך צעוויינט.

ער האָט בעדולדיק געוואַרט.

— איך האָב עס באַלד געוואוסט, האָט זי געזאָגט, שלוכצנדיק..

— וואוהין?—האָט זי ענדלעך געפרעגט, אַראָפּגעוואָרפן דעם פאַרטוך פון קאָפּ און האָט אים אנגעקוקט א דערשטוינטע און גלייכצייטיק מיט נייגיריקייט אין בליק.

— איך ווייס ניט... וואו די פיס וועלן מיך טראָגן.

— און די אַרבעט?—האָט זי מיט ציטער אין קאָל געפרעגט.

— איך וועל מער ניט גיין צו דער אַרבעט.

— גאָט מיינער, דזשאָני!—האט זי אפגעקרעכצט.

— רעד ניט אזוי!

דאס וואָס ער האט געזאגט, איז אין אירע אויגן א לעסטערונג געווען. ווי א מאמע זאל הערן, אז איר זון לייקנט, אשטייגער, אין אַ הייליקייט, אזוי איז דזשאניס מאַמע פון זיינע ווערטער צערודערט געווארן.

— פון וואנען האט זיך דאס גענומען צו דיר?—האט זי געפרעגט און האט זיך גע-פרואווט צוצוגעבן איר שטימע א שטרענגערן טאָן.

— איך וועל דיר דערקלערן—האט ער געזאָגט.—איך בין שרעקלעך מיד געוואָרן. וואס איז דער כידעש? די באַוועגונג האט מיך אזוי אויסגעמאטערט! איך האלט אין איין באַ-וועגן זיך פון זינט איך בין אף דער וועלט געקומען. איך בין מיד געוואָרן צו באַוועגן זיך און וויל שוין מער ניט באַוועגן זיך. דערמאָן זיך מיין ארבעט אף דער הוטע. איך האב געווײַנלעך צוגעבונדן דריי הונדערט טוץ פראָפּנס א טאָג, איצט האב איך אויסגערעכנט, אַז מיט יעדן פלאקאָן האב איך צען פארשיידענע באַוועגונגען געמאַכט. דאס מאַכט אויס זעקס און דרייסיק טויזנט באַוועגונגען א טאג. אין צען טעג—דרייהונדערט זעכציק טויזנט באַוועגונגען. אין אַ כוידעש—איין מיליאן אַכציק טויזנט. וואַרף אראפּ די אכציק טויזנט, בלייבט א מיליאן באַוועגונגען א כוידעש—צוועלף מיליאן באַוועגונגען א יאר. אין דער וועבעריי האב איך געמאַכט באַוועגונגען צוויי מאָל אזויפיל, דאס מאַכט אויס פינף און צוואַנציק מיליאן א יאר, און מיר דוכט, אז איך רו ניט אזוי שוין באַלד א מיליאן יאר.

— די וואָך האב איך זיך אינגאַנצן ניט באַוועגט, שאָענלאַנג האָב איך קיין איין באַווע-גונג ניט געמאַכט. מעגסט מיר גלויבן, ס'איז עמעס א כיעס געווען צו זיצן אזוי שאָענלאנג און גארניט טאָן; איך האב קיינמאל קיין רו ניט געהאט און איצט וויל איך גארניט טאָן. איך וועל זיצן און זיצן, אָפּרוען און אויסרוען, און נאָכדעם ווייטער רוען.

— וואָס זשע וועט זיין מיט די קינדער? האָט זי אין איעש געפרעגט.

— און דאָס איז נאָכדעם, ווי איך האב דיך פאר א מענטשן געמאַכט—האט זי מיט טרערן צוגעגעבן און ווידער דעם קאָפּ מיטן פארטוך פארדעקט.

— דו האסט מיך קיינמאל פאר קיין מענטש ניט געמאַכט—האט ער מיט צארטער אומעטיקייט דערווידערט,—איך האב זיך אליין דורכגעשלאגן, מאַמע, און נאך דעם ברו-דערל פאר א מענטשן געמאַכט. נאר איצט א כאפּ. דער ברודער קאָן אַליין גיין ארבעטן, ווי איך, אדער דער גוטער יאָר מעג אים נעמען, מיר איז אלק איינס, איך בין מיד. איצט גיי איך אוועק. צי דען וועסטו מיר קיין „זיי געזונט" ניט זאָגן?

זי האט געשוויגן. דער פארטוך איז ווידער אפן קאָפּ געווען פארווארפן. און זי האט געוויינט. ער איז נאך א ווײַלע אפן שוועל געבליבן שטיין.

— איך בין זיכער, אז איך האב געטאָן אלק, וואָס איך האב נאר געקאנט,—האט זי בעזאָגט, באַגיסנדיק זיך מיט טרערן.

ער איז פון שטוב ארויס און זיך אף דער גאס געלאזט.

— „יאָ, איך וועל גאָרניט טאָן"—האט ער צו זיך שטיל געזאָגט מיט אנטשלאסנ-קייט אין קאָל. ער האָט שווייגנדיק אפן הימל א קוק געטאן. נאר די העלע זון האט אים די אויגן געבלענדט.

ער האט א לאנגן שפאציר געמאַכט. פריער האט ער קימאַט קיינמאָל ניט געשפא-צירט. ער איז פאר דער דזשוט-פאבריק פארביי. דאָס פארשטיקטע גערויש פון דער ווע-בעריי האָט צו זיינע אויערן דערגרייכט און ער האט א שמייכל געטאָן, נאַכעסדיק און באַרוט.

וואס נעענטער ער איז צום עק שטאָט צוגעקומען, אלץ וויניקער זיינען געוואָרן הייזער און פאבריקן, און אַלץ מערער די פרייע ערטער. ענדלעך איז ער אויסער שטאָט געקומען און געלאָזט זיך גיין איבער א פארוואקסן שטעגל נעבן דער אייזנבאַן ליניע.

ער איז דורכגעגאנגען די קליינע באַן-סטאַנציע און זיך אין גראז אונטער א בוים גע-לייגט.

פון צייט צו צייט האט ער א דרימל געכאַפּט און דאן האבן זיך זיינע מוסקולן אין שלאף גערודערט.

אַז ס'איז טונקל געווארן אינדרויסן, איז צו דער סטאַנציע מיט אַ געקלאַפּעריי צו-געקומען א פראכט-צוג. ווען דער לאָקאָמאָטיוו האָט לויטן צייכן די וואגאנעס אף אַ צווייטן וועג ארויפגעשלעפּט, האָט דזשאָני גענומען קריכן לענגויס דעם צוג.

ער האָט געעפנט די טיר בא דער זייט פון איינעם א וואגאן און קוים מיט צאָרעס אַריינגעקראכן אַהין.

דער לאָקאָמאָטיוו האט א פייף געטאן.

דזשאָני איז אף דער פאָדלאָגע געלעגן און געשמייכלט אינדערפינסטער.



יאַנקל לעווין

# דער „קליין-בונד“

.1906—1903

## I. דער „ראַי“

ניט ווייט פון צענטער שטאָט ליגט א גרויסער טאָל ארומגערינגלט מיט שטאָטיקע גאַסן. באַרג אראפּ, דורך גריבער פול מיט שמוץ, לאָזט מען זיך אראפּ פון שטאט אין טאָל אַריין. אין טאָל געפינען זיך אַ פּאָר גאַסן מיט געסלעך, וואָס זייער נאָמען ווייס קיינער ניט. דער טאָל איז געדיכט פאַרבויט מיט הילצערנע קליינינקע הייזעלעך. די הייזעלעך, אָדער זיי שטייען אַף הינערשע פיסלעך, אדער זיי ליגן טיף איינגעזונקען אין דער ערד אַריין, פון וואַנען עס קוקן קוים ארויס קליינינקע פענסטערלעך. גאַנצע שויבן זיינען דארט זעלטן: זומער אן גלאָז, ווינטער מיט שמאַטעס פאַרשטאפּט-אדער מיט ברעטלעך פאַרקלאפּט. די שינדל-דעכער זיינען צעבראכן, אויסגעלאטעט. אינעווייניק, אין אַזאַ הייזל, איז די סטעליע אויסגעמאָלט מיט פארשיידענע צייכענונגען:—דאס זיינען שפּורן פון וואַסער און צעגאנגענעם שניי, וואָס רינט אין שטוב אריין. צו די רינענדיקע ערטער פון סטעליע זיינען אונטערגע-רוקט מולטערס, טעפּ, אַנדערע קיילים, וועלכע נעמען אריין דאָס וואַסער. אין גרעסטן טייל הייזלעך געפינט זיך א שטוב מיט א קאַמער אדער צוויי, ניט רעכענענדיק די אויוונס און די ליעזשאַנקעס, וועלכע דינען ווינטער פאַר שלאָפ-צימערן.

די קליינע הייזלעך זיינען געדיכט אָנגעפּאַקט מיט איינוואוינער. געוויינלעך עטלעכע פאַמיליעס, וועלכע האבן אף דער פּאָדלאָגע יעדע פאַמיליע איר טעריטאָריע צום שלאָפן בײַ-נאַכט. מע שלאָפט אף אלטע שמאַטעס, איבער וועלכע ס'קומען פּאָר געשלעגן. דער טאָל רופט זיך אן „ראַי“, אין רוסיש „ראָוו“. צו דעם דאָזיקן נידעריקסטן טייל פון שטאָט שטראָ-מען אַלע קאַנאַוועס און רינשטאקן זייער וואסער. דאָס וואַסער האָט זיך אויסגעגראבן נאַ-טירלעכע וועגן, וועלכע דרייען זיך אין דער לענג און אין דער קווער פון די גאַסן. אין די גרויסע רעגנס קומט דאָס וואסער צו גאַסט אריין אין די הייזלעך. צו אזעלכע געוויסערן זיינען די איינוואוינער פון „ראַי“ געוואוינט.

## II. די ווייסעכעווּרעניקעס פון „ראַי“

די איינוואוינער פון „ראַי“ זיינען קאָשערע מענטשן. ניט אבי ווער. א שטאָטי-קער קוקט אף זיי, ווי אף באַשעפעניש פון אַן אַנדער מין. דער נאמען „ראַיער“ מעקט אויס אי דעם נאָמען, אי די פאמיליע, אי די באַשעפטיקונג פונם מענטשן. מע זאגט פּאָ-שעט: „אַ ראַיער“. די ראַיער איינוואוינער באַשטייען פון ארבעטער, באַלמעלאָכעס פון פאַר-שיידענע פאַכן, פורמאַנעס, טרעגער, מאַרק-ווייבער און גלאַט אָרימע לייט, ווי שנאָרער, גאנאָווים, הויקערס, קאַליקעס, בלינדע, קאַטערינשטשיקעס, און נאָך, און נאך אזעלכע פאַכן. אָן א שיר און אן אַ צאָל. דערפאר איז דארט אַלעמאָל לעבעדיק, פריילעך פון קריגערייען, געשלעג, געוויין, געזאנג און טענץ.

באזונדערס ווארפט זיך אין די אויגן די יוגנט, וואָס ווערט פון וויגעלע אָן איבער-געלאזן אף הפקר, ווייל טאַטע-מאַמע גייען אוועק אַף גאַנצענע טעג זוכן פארדינען אַ שטיקל ברויט. זומער איז פאר דער יוגנט דאָ אן עמעסער גאַניידן: וואַלגערן זיך איבער די גאַסן אין גריבער נאַקעט, באָרוועס און טאָן, וואס דאָס הארץ גלוסט.

ווינטער איז פאר אונזערע אָפּגעריסענע, אפגעשליסענע יאטן ערגער, דאך פלעגן מיר בא זיך ניט אראפּפאלן, ווייל שניי און אייז איז פאר אונז אויך געווען אַ גאנץ גוטער מאַ-טעריאַל. גליטשן זיך באַרג אראפּ, ווער פּאָשעט זיצנדיקערהייט, ווער אף א ברעטל-

שליטל, אדער אַף הילצערנעם גליטש-שוך, אונטן צוגעריכט מיט א דראט, איז גאר געווען לעבן.

ווי דער שטייגער איז, האט מען זיך באַמיט אונז פאר לייט צו מאַכן. מיר האבן זיך געלערנט אין די כאַדאָרים און טאַלמודטוירעס. אונזער לערנען איז באַשטאנען אדער אין באַקומען קלעפּ, אדער פארקערט, אין אָפּטאן א שפּיצל דעם רעבן: אַ שלאָפנדיקן צוקלעפּן זיין באָרד צום טיש, אדער צווישן די פינגער פון די פיס אַריינשטעקן א פּאַפּיר און אנצינדן א. אז. וו.

מיר האבן געהאַט אַ גוטע מידע פון אכ־עס, טאַקע אַן עמעסער איינהייטלעכער פראָנט איז געווען באַ אונז ראָיער יוגנט אַקעגן די שטאָטיקע. עמעס, צווישן זיך איז ניט אלע מאל געווען שאָלעם, אבער טאמער פלעגט אונזערן א ראָיער יאַט אנרירן אַ שטאָטישער כעוורע-מאַן, פלעגן מיר גיין אין מילכאָמע איינהייטלעך. פאַר די ראָיער יאַטן פלעגן די שטאָטישע ציטערן, ווייל א ראָיער יאַט דערשרעקט זיך פאר קיין זאך ניט. יענעם געבן מיט א שטיין אין קאָפּ, אדער אליין באַקומען אַ געלעכערטן קאָפּ—האט קיין ווערט ניט גע-האט. אף די שטאטיקע זיינען מיר שטענדיק געווען אָנגעשטויסן, ווייל אין גרעסטן טייל זיינען עס געווען קינדער פון רייכערע עלטערן, זאַטער פון אונז, בעסער אנגעטאָן, האבן מיר נאַטירלעך, אינסטינקטיוו זיי ניט געקאָנט אנקוקן.

## III. מיר ארגאניזירן זיך אין „קליין-בונד"

אין דעם „ראָי" האט זיך אָנגעהויבן אַנטוויקלען אַן ארבעטער-באַוועגונג. דאָ הויבן זיך אן צו אָרגאניזירן די ערשטע קרייזן. אין „ראי" איז געווען דאָס בעסטע ארט אף דורכפירן געהיימע פארזאמלונגען. פארן „ראָי" האבן פּאָליציי און שפּיקעס אויך געהאט אפּשיי, ווייל אהין אריינקומען אין אוונט איז געווען פאַר זיי געפערלעך. אַנדערש ווי מיט אַסאך פּאָליציי פלעגט „נאַטשאַלסטווע" ניט דערוועגן זיך אין „ראָי" אריינצודרינגען. אָבער אַרעסטירן אַ פארזאַמלונג האט זיך זיי קיינמאָל ניט איינגעגעבן, ווייל, ווען זיי פלעגן קומען צום ארט, פלעגן זיי שוין קיינעם ניט געפינען.

אף אזא אויפן האָט אין „ראָי" די ארבעטער-באַוועגונג געטראָגן קימאַט א לעגאלן כאַראַקטער: פראנק און פריי זיך פארזאַמלט אין אַ שטוב, אף א גארטן אדער אין א הויף, געגאנגען איבער די געסלעך מיט רעוואָלוציאנערע לידער.

אונז, יאטן, איז די מאַיסע געווען געפעלן און מיר האבן זיך גענומען דרייען ארום די גרויסע, אַרום זייערע פארזאמלונגען, אויסגעלערנט זיך זינגען זייערע לידער. דאָך האבן מיר געלעבט אין אונזער פריערדיקן וועלטל. מיט אונזערע אייגענע איסאָקים.

באַ מיינע עלטערן איז געווען א האלץ-ווארשטאט, וואו ס'האבן געארבעט עטלעכע ארבעטער. איך האב זיך גענומען מיט זיי דערנעענטערן—בלייבן ווארטן ביז טאטע-מאַמע פלעגן אנשלאָפן ווערן, און זען ווי צו זיי קומען נאך עטלעכע ארבעטער, צוזאַמען לייע-נען ביכלעך און באַטראכטן פראגן. ניט אזוי לייכט האט זיך מיר איינגעגעבן, אז די אר-בעטער זאָלן מיך לאָזן נעבן זיי זיך געפינען. אבער זיי האבן זיך איבערצייגט, אז מע מעג זיך אף מיר פאַרלאָזן. איך פלעג ארויסגאנווענען באַ דער מאַמען די שליסלען און זיי צו-שטעלן ברויט, פוטער, קעז. איך פלעג מאַכן א שווייג וועגן די באַנאַכטיקע פארזאמלונגען. זייער צוטרוי צו מיר איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אז זיי האבן מיר אַנטפּלעקט דאָס געהיימע ארט, וואו עס ליגן באַהאלטן די אומלעגאַלע ביכלעך, געדרוקטע אף פּאַפּיראָס-פּאַפּיר. דאס איז געווען אַ לאָך אין אַ דיקן קלאָץ אונטער דעם קוימען אפן בוידעם, וואו איך בין געווען א שטיקל איינגייער, צוליב די טויבן, וואָס איך האב דארט געהאלטן. איז ערשטנס וואָלט איך סאַי ווי סאַי דערשמעקט דעם סעקרעט, און צווייטנס האבן שוין די ארבעטער ניט געדארפט קריכן אַפן בוידעם. מע האָט זיך שוין פארלאָזט אף מיר.

ווײַענדיק א ביבליאָטעקאַר, האָב איך זיך גענומען לייענען די בעסטע פּאָפּולאַר-פידענע ביכלעך, וועלכע זײַנען מיר אסאַך מער געפעלן געוואָרן, איידער דער כמעט מיט דער געמאַרע, וואָס איך האָב געלערנט אין חדר. צו יענער צייט בין איך שוין געווען א גרויס אינגל, אבער מײַנע עלטערן האָבן מיך געהאַלטן אין חדר, ווײַל דער רעבע האָט געמאַינט, אז איך האָב א גוטן קאָפּ און פון מיר קאָן אַרויסוואַקסן א ראַוו.

צו יענער צייט האָב איך שוין געהאַט אין חדר אַרגאַניזירט די עלטערע קינדער, אין וועלכער איך האָב זיך געפונען, און מיר פלעגן די ביכלעך לייענען צוזאַמען. אויסער פלעגן מיר די פרײַטיקן, ווען דער רעבע פלעגט אינדערפרי אַוועק אין שפּיטאָל זיך היילן. אַ חדר-אינגל האָט אבער סאַפּקאַלסאַף געמאַסערט צום רעבן. וועלכער האָט מיך געפאַקט מיט א ביכל אין האַנט. איך האָב געכאַפּט מײַן פּסאַק. מײַן מאַמע האָב איך זיך אויך אפּגערעכנט, אבער פון דעם צופאַל אָן האָט גענומען א סאָף צו מײַן גיין אין חדר. ס'האָבן ניט געהאָלפן ניט מאַמע-טאַטעס אַפּילע ניטבאָבע. וואָס האָט געהאַלטן אין איין טאַינען: מע דאַרף דאָס אינגל ראַטעווען. ווען ניט, וועט ער אַרויסוואַקסן א גוי. איך בין באַשטאַנען, אז איך וויל ווערן אַן אַרבעטער, און איך האָב אויסגעפירט.

עס'איז טאַקע געווען גוט, וואָס בעסער דאַרף מען ניט. כאַווייריש לערן-אינגלעך איז געווען געניג, מיט וועמען צו כאַווערן זיך, אָבער צו אונזערע אַלטע געזעלשאַפטן— מאַכן כעוורעס פייערלעשער, שפּילן מיט טויבן, פירן מילכאָמעס, שפּילן אין קנעפּ (וועלכע מיר פלעגן אויסטרענען פון די יאָנטעוודיקע קליידער, און וועלכע די עלטערן פלעגן זיך כאַפּן אין א יאָנטעוו)—אָט צו די אַלע שטיק האָט שוין איצט גענומען א סאָף.

אַסאַך צו פאַרדאַנקען האָבן מיר איינעם אַן אַרבעטער, וועלכער איז אַליין געווען אַ סטודענט. ווײַענדיק א סאָציאַליסט, האָט ער, קעדיי צו פירן א סאָציאַליסטישע אַרבעט צווישן די אַרבעטער, געוואָרפן דעם אוניווערסיטעט און געוואָרן א סטאָליער. אָט ער האָט זיך אַף אונז, עטלעכע לערן-אינגלעך, אָנגעוועצט, גענומען אונז אַגיטירן, אויפקלערן. מיר זאָגן אָנ-שטאָט אונזערע פאַרשיידענע שפּילן, כעווערס און געשלעגן זיך אָרגאַניזירן אין א גרופּע פון לייענען און שרייבן, לערנען איינער דעם אַנדערן. סאַפּקאַלסאַף האָבן מיר איבּ גע-פאָלגט און עס איז געוואָרן אַ כעווורע „קליין-בונד" פון אַ מאַן 15.

מיר האָבן זיך גענומען צו דער אַרבעט מיט כיישעק: אײַנגעקויפט פאַר אונזערע אָנגעקליבענע געלט (גראָשנס) פּאַפּיר מיט פעדערן, הענטלעך האָבן די סטאָליערס-לערן-אינגלעך אַליין צוגעריכט. צונויפקלייבן פלעגן מיר זיך אויך אין א ריכטן אָרט: שאַבעס ווען די באָד פלעגט זיך ניט הייצן, צוזעצן זיך אַף שטעפּלעך ארום די וואַש-בענק און דאָרט קנעלן אביסל. שפּעטער, ווען די באָד האָט זיך פאַרמאַכט, ווײַל ס'איז געווען אן אַלטע כורווע, האָט זי באַ אונז אויך געדינט פאַר א וואַכל-פּונקט. קאָנספּיראַציע האָבן מיר געהאַט נאָך מער ווי די גרויסע. קיין שעד פלעגט ניט באַמערקן, ווי מיר פלעגן זיך דאָרטן צע-נויפקלייבן.

אין גאַנצן „ראַי" האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז אין באָד געפינען זיך ניט-גוטע. מע פלעגט מוירע האָבן באַנאַכט פאַרבייגיין אָן אַרבעטקאַנפּעס מיט א סייפער אין האַנט, און טאַמער פלעגט זיך דעם וועכטער עפּעס דוכטן, פלעגט ער גלייך אויסשרײַען: „שמאַ איסראָעל". מיר האָבן געלאַכט פון די נאַראַנים און מיר האָבן זיך נאָך מער איבערצײַגט, אַז קיין גאָט איז ניטאָ, ווײַל די שיידים פון באָד, פאַר וועלכע די פאַרבײַגייער האָבן זיך געשראָקן, זײַנען געווען אונזערע יאָטן, וועלכע פלעגן דאָרט איבערקערן די וועלט. דער-פאַר, סאַפּקאַלסאַף, האָבן די אײַנוואוינער די באָד אַף שטיקלעך פאַנאַנדערגעטראַגן. און מיר האָבן אָנגעוואָרן אַזאַ טײַערע קאָנספּיראַטיווע וואוינונג. פאַרשטייט זיך, אז דאָגע האָט אונז אַזאַ אַרבעט, פון לערנען און פון שרייבן, ניט צופרידנגעשטעלט. מיר זײַנען אויסגע-האָדעוועט געוואָרן פון קליינוויזן אַריף צו א קאַמפס-לעבן און מיר האָבן גענומען זוכן נײַע פאָרמען פון אונזער אָרגאַניזאַציע.

## IV. מיר העלפן די גרויסע

ניט לאנג האט עס געדויערט, און מיר האבן טאַקע געפונען די עמעסע ארבעט. עס איז געווען ענדע 1903 יאר. די ארבעטער-באַוועגונג האָט געהאלטן אין איין וואקסן. טאָגטעגלעך פארזאמלונגען פון ארבעטער. מאַסן עקאָנאָמישע שטרייקן פאר איינפירן א 12-שאָעדיקן ארבעטס-טאָג. הונדערטער ארבעטער פלעגן קומען נאך דער ארבעט אף דער בירזשע. זיינען מיר געקומען צום אויספיר, אז מיר לערן-אינגלעך, זיינען ניט ערגער פון די גרויסע. אַז מיר, קאָנען נאך מער פון זיי אויפטאָן אין די שטרייקן. מיר האבן זיך גענומען מיט רויס ענערגיע פאַר דער ארבעט: אויסשפירן די ווארשטאַטן, וואו מע ארבעט מערער פון 12 שאָ, וואו ס'קומען פאָר שטרייקן, וואו ס'ארבעטן שטרייקברעכער. מיר האבן אויסגעארבעט א ריי מיטלען פון קאַמף. דאס בעסטע מיטל איז געווען—מיט שטיינער ווארפן און צעברעכן שויבן באַ יענע באַלעבאַטים. אויסשפירן איז אונז געווען גרינג. וועלכער באַלעבאָס האט זיך געקאנט אַיינהיטן פון אזעלכע קליינע ווערים, וועלכע זיינען אומעטום פול און פאַרגאנוועגען זיך ערגעץ אין א פינסטער ווינקל, פון וואנען מע שיסט אַריין אַ פאָר צענדליק שטיינער און מע מאַכט אַ כורבן און א מעהומע. דאָס איז געווען דאס בעסטע מיטל, אַז די פאראַקשנטע באַלעבאַטים זאָלן נאכגעבן די פאדערונגען פון די ארבעטער. איינעם, א רייכן באַלעבאָס, אן עמעסן פאסקודניק, וועלכער האט געמאסערט אַף די ארבעטער אין פאָליציי, האבן מיר אזויפיל טעראריזירט, אז ער האט פון שטאָט געמוזט אַנטלויפן.

אין א גוטן פינסטערן אוונט האבן א מאן 20 יאטן א נעם געטאן זיך פאר דעם הויכן הילצערנעם גאניק פון זיין הויז און העט ווייט אין אַ ראָיער קאַנאַווע אריינגעווארפן. אף מארגן פרי, עפענענדיק די טיר, האָבן די הויז-מענטשן געדארפט אראפקייקלען זיך אף דער ערד, און עטלעכע טעג קלעטערן אף גלאטע ווענט צו זיך אין שטוב אריין. אכוץ דעם פלעגן מיר אלע נאַכט, 12 אזייגער, באָמבאַדירן מיט שטיינער דעם דאך פון שטוב — מיר האבן צעלעכערט דאס גאַנצע בלעך.

ערעוו פייסאך, טאַקע גלייך אַף מארגן נאך פורים, פלעגט זיך אנהויבן די עמעסע ארבעט פון אונזערע יאטן—דאס איז געווען ארום די פאָדריאדן, וואו מע פלעגט באַקן מאַצע. אָט דארט איז טאקע געווען די עמעסע עקספלואטאציע. די פאָדריאַדטשיקעס, פלעגן אָנעמען מיידלעך פון קליינע שטעטלעך און צווינגען זיי ארבעטן פון 6 פארטאָג ביז 12 באַנאַכט. די אָרגאניזאציע פון „בונד” האט געפירט א קאמף אַקעגן די פאדריאדטשיקעס, און דאָ זיינען מיר צונויף געקומען. פיר אזייגער פארטאָג פלעגן מיר שוין גיין קאָנטראלירן די פאדריאַדן, און ביז שפעט באַנאכט—די זעלבע ארבעט. מיר האבן אין קאַמף מיט די פאָדריאדטשיקעס אָנגענומען אויך נייע מיטלען: אַריינלאָזן זיך אין פאָדריאד עטלעכע, קלוימערשט העלפן קנעטן און רעדלען, אָפטאָן דערביי א צאָרע און אין מיטן אנטלויפן, לאָזן אין מיטן די מיירע ניט קיין געקנאָטענע, אריינגיסן וואסער, ארויפקלעטערן אפן דאַך, אריינגיסן אן עמער וואַסער אין קוימען.

די קאַמפס-ארבעט האט אונז שטאַרק אַריינגעצויגן. מיר האָבן זיך אַ נאָמען געגעבן „באָיעוואָי אטריאַד”, אין קורצן „בעאָ”. דעם נאָמען האבן מיר גענומען פון די גרויסע. זיי האבן אין דער צייט פון פאָגראם געהאט ארגאניזירט אַ זעלבשוץ, וועלכע האט זיך העלדיש אנטקעגן געשטעלט די כוליגאַנעס. אבער אכוץ די עקאָנאָמישע אויפגאבן האבן מיר זיך אויך באַשעפטיקט מיט פאָליטישער טעטיקייט.

## V. אונזער פירער בערע-לייבקע

אונזער אַנטייל אין עקאָנאָמישן און פאָליטישן קאַמף האָט זיך געלאָזט פילן אין שטאטאומעטום האָבן מיר זיך געוואָרפן אין די אויגן. די גרויסע האבן, פון איין זייט, פון אונז עקליבן נאַכעס, פון דער אַנדערער זייט, פלעגן זיי פון אונז אפלאכן. רייצן זיך מיט אונז-

אונזערע יאַטן האָט עס שטאַרק פאַרדראָסן. דער קאָמיטעט פון די גרויסע האָט אויך אונדז קיין אַכט ניט געלייגט. מיר האָבן אַליין, זעלבשטענדיק, געפירט אונזער אָרגאַניזַציע, וועלכע איז אויסגעוואַקסן ביז א מאַן 50.

איינמאָל פאַרנאַכט איז צו אונז צוגעגאַנגען איינער פון די גרויסע, אַן אַרבעטער—אַ בערשטער, וועלכער האָט אין „בונד" פאַרנומען אַן אָנגעזעענעם אָרט. וועגן אים האָבן מיר געהערט, ווי וועגן זייער אַ באַוואוסטזיניקן כאַווער, און געהאַט פאַר אים דרעקכערעך. ער האָט אונז געבעטן דעלעגירן עמיצן פון אונזערע פירער אַף אַ וויכטיקן שמועס מיט אים.

גלייך זיינען אונזערע פירער געוועזן אַפן אָרט. אַוועק אין אַ זייטיק געסל מיט אים און פאַרפירט די עמעסע דיסקוסיע. ער האָט זיך פאַרינטערעסירט מיט אונזער טעטיקייט. וועגן וועלכער מיר האָבן אים דערציילט מיט גרויס היסלאַיוועס. ער האָט אונז דערקלערט, אַז מיר גייען אַף אַ פאַלשן וועג, אַז די גרויסע נויטיקן זיך ניט אַזוי אין אונזערע שטיק. אַכוץ דעם וועלן מיר קיין סאַך נוצן פון אַזאַ מין קאַמף ניט האָבן. די אַרבעטער-באַוועגונג דאַרף האָבן באַוואוסטזיניקע אַרבעטער, מיר, פאַרקערט, וועלן אויסוואַקסן אומבאַוואוסטזיניקע. דעריבער האָט ער אונז פאָרגעלייגט אָנעמען אַ נייע פראָגראַם: שטודירן דעם סאָציאַליזם. ניט אַזוי לייכט האָבן מיר געקאָנט מיט אים איינשטימען. די דיסקוסיעס האָבן געדויערט עטלעכע טעג, ביז וואַנען מיר האָבן אָרגאַניזירט אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג מיט דער אָנוועזנהייט פון דעם בערשטער, וואו מיר האָבן אויסגעהערט און אָנגענומען זיין פראָגראַם און באַשלאָסן פאַנאַנדערצוטיילן זיך אַף קליינע קרייזן, מאַכן א קאַסע מיט מיטגלידס-אָפּצאָל, פאַר דעם געלט איינקויפן ביכער, צוזאַמען לייענען און פאַנאַנדערקלייבן דאָס געלייענטע. איין מאָל אין וואָך אַרגאַניזירן אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פאַר פּאָליטישע פראַגן, וואו דער בערשטער וועט אויך קומען.

דער כאַוועער—געהייסן האָט ער בערע-לייבקע—איז געוועזן שטאַרק פאַרטאָן מיט אונזער אַרבעט: געקליבן געלט בײַ די גרויסע, געהאָלפן אונדז איינקויפן וואָס מער ביכער. מיר האָבן אַרגאַניזירט א גוטע ביבליאָטעק. כאָטש דער גרעסטער טייל ביכער זיינען געוועזן לעגאַלע, דאָך איז די ביבליאָטעק געוועזן אומלעגאַל. קיינער האָט ניט געוואוסט, וואו איז איר אָרט. די ביכלעך פלעגן געלייענט און געביטן ווערן אַף די קרייזן. יעדער מיטגליד איז געוועזן פאַרצייכנט מיט א נומער. דאָס איז געוועזן צוליב קאָנספּיראַציע. פּאָליציי, ווען זי וואָלט געפינען אונזערע פּאַפּירן, וואָלט זי אַ קרענק וויסן, ווער מיר זיינען, ווער איז נומער 5 אָדער 15. קיין באַזונדער פּראָגראַם, וועלכע ביכער צו לייענען, האָבן מיר ניט געהאַט אַכוץ דעם זיינען אידישע ביכער צו יענער צייט געוועזן זייער ווייניק. ס'זיינען געוועזן עטלעכע לעגאַלע ביכלעך וועגן נאַטור-וויסנשאַפט, קולטור-געשיכטע און א געוויסע צאָל אומלעגאַלע סאָציאַליסטישע ביכלעך. געלערנט האָבן מיר זיך מיט כיישעק. מיר האָבן זיך באַמיט אויסלערנען די באַדייטונג פון ווערטער. פאַר אַ באַוואוסטזיניקן אַרבעטער האָט זיך גערעכנט אַזאַ, וועלכער ווייס וואָס הייסט: קאָנסטיטוציע, דעמאָקראַטיע, סאָציאַליזם און נאָך אַסאַך ווערטער, וועלכע זיינען אַריין איצט אין אונזער מוטער-שפּראַך.

פאַרזאַמלונגען פלעגן מיר מאַכן אין וואַלד, אָדער באַם טייך. אַ גרויסע קונסט איז געוועזן צו אָרגאַניזירן די פאַרזאַמלונגען. די פירער פלעגן פון פריער אויסזוכן אַן אָרט, דער מאַסע פלעגט מען הייסן קומען אין גאַס. אַף דעם וועג צו דער פאַרזאַמלונג פלעגט מען אויסשטעלן פּאַטרולן, וועלכע האָבן אַף זיך געטראָגן צייכנס, לעמאָשל, מיט אַ ווייסן טיכל צוגעבונדן די באַק. דעם, וועמען מע פלעגט שיקן אַף דער פאַרזאַמלונג פלעגט מען אָנזאָגן אַ פּאַראָל, מיט וועלכן ער פלעגט זיך ווענדן צום פּאַטרול. דער לעצטער פלעגט אָפּשיקן דעם כאַוועער צום צווייטן פּאַטרול, ביז וואַנען מע פלעגט קומען אַפן אָרט.

כ' בערע-לייבקע איז בײַ אונז געוועזן זייער באַליבט און טייער, ווי דאָס אויג אין קאָפּ. אַ קליינקייט, אַזאַ באַוואוסטזיניקער און שעמט זיך ניט מיט אונז צו פאָרן אַפן טייך,

זינגען מיט אונז רעוואָלוציאָנערע לידער. אייניקע פון אונז, אַפילו, האָט ער אויסגעזאָגט די אַדרעס פון זיין געהיימער וואוינונג, וואו מיר פלעגן מיט אים איבערבייסן און טרינ-קען אַ גלאָז טיי.

## VI. אן אייגענע בירזשע. מע שטייט ניט אָפּ פון די גרויסע

די בירזשע איז באַ דעם אַרבעטער געווען זיין לעבן, טאַקע די עמעסע היים. אַר-בעטנדיק אין קליינע וואַרשטאַטן, צעוואָרפענע איבער דער גאַנצער שטאָט, אַ גאַנצן טאָג געאַרבעט פאַרן שטיקל ברויט, האָט יעדער אַרבעטער געדאַרפט נאָך דער אַרבעט טרעפן זיך מיט אַנדערע אַרבעטער, צונויפריידן זיך, געוואָר ווערן, ווי איז די לאַגע אין אַנדערע וואַרשטאַטן. קיינע לעגאַלע אַרבעטער-אָרגאַניזאַציעס האבן ניט עקזיסטירט: עס איז ניט געווען קיין אפענע פראָפעסיאָנעלע פאַריינען, קיין קלובן. אנשטאָט דעם זיינען אויסגע-וואַקסן די אַרבעטער-בירזשעס. אף באַשטימטע גאַסן אָדער אַף אַלייען אין שטאָטישן גאָרטן, פלעגט מען קומען נאָך דער אַרבעט און דאָרט ערליידיקן אַלע אָנגעלעגנהייטן.

וואָס ווייטער זיינען די אַרבעטער-בירזשעס איינגעוואַקסן אין לעבן באַ יעדן אַר-בעטער. זיי פלעגן זיין טעגלעך געפאַקט מיט אַרבעטער, וועלכע פלעגן זיך אַרומדרייען פון איין ראָג צום צווייטן. דאָרט, אַפן גאַס פלעגט אָפּגעטאָן ווערן די גאַנצע אַרבעט: דאָרט פלעגט מען נעמען מיטגליד-אָפּצאָל, טיילן ליטעראַטור, שיקן אַף פאַרזאַמלונגען, באַשטימען שטרייקן, שיקן אַרבעטסלאָזע אף אַרבעט. אַהין פלעגן באַלעבאַטים ארויסגערופן ווערן אַף אונטערהאַנדלונגען, באַלעבאַטים פלעגן אַהין קומען צום פראָפעסיאָנעלן פאַריין מאַכן אָפּ-מאַכן א. א. וו.

די בירזשע און די סאָציאַליסטן זיינען פאָפולער געוואָרן באַ די אָרעמעלייט און קליינבירגער. די סאָציאַליסטן האָט מען געהאַלטן פאַר די ערלעכסטע מענטשן, צו וועלכע אָרימע מענטשן פלעגן קומען נאָך אייצעס, קלאָגן זיך אַף דאָס שווערע לעבן. ווייבער פלעגן קומען בעטן הילף קעגן די מענער, וועלכע שלאָגן זיי. רעוואָלוציאָנערע יוגנט, אַרויסגע-טריבענע פון די עלטערן, פלעגט קומען זוכן אַן אָרט זיך איינצואָרדענען. די בירזשע האָט געקאָכט, ווי אין אַ קעסל. פּאָליציי האָט גאַנץ גוט געוואוסט פון דער בירזשע, אָבער גאָר-ניט געקאָנט מאַכן; די אַרבעטער האָבן גיך דערקענט די שפּיקעס, וועלכע מע פלעגט אַהין שיקן, און מע פלעגט זיי שלאָגן מאַקעס רעצעך אַף דער בירזשע גופע, אָדער אָפּ-פירן זיי אין אַ זייטיקן פינסטערן ווינקל. געטאָן פלעגט עס ווערן אַף אַזאַ אויפן: מע פלעגט גיין פאַרביי דעם שפּיק און הויך זאָגן: „לאָמיר שוין גיין אַף דער פאַרזאַמלונג". דער שפּיק פלעגט דערהערן און נאָכגיין. דאָרט אין דעם באַשטימטן געסל האָט מען שוין אָפּ-געוואַרט, אַרויפגעוואָרפן אַפן קאָפּ אַ זאַק און מע פלעגט דעקן, וויפל ס'פלעגט אַריין. אַזוי האָט מען די שפּיקעס אויסגערויכערט פון דער בירזשע.

אונזער אָרט איז אויך געווען דאָרט, וואו ס'געפינען זיך די גרויסע. געדרייט זיך באַ זיי צווישן די פיס. פון אַלע נייסן גלייך געוואָר געוואָרן און איבערגעגעבן אונזערע יאַטן, וואו צו גיין אַף די פאַרזאַמלונגען. אָבער געלעבט אַף דער בירזשע האָט זיך אונז שלעכט. די גרויסע פלעגן אונז אָפּט רוידעפן, פאַרטרייבן אונז, ניט אַריינלאָזן אַף זייערע פאַרזאַמלונגען, זאָגן, אַז איבער אונז קאָן מען זיך פאַרשיטן. מיר זיינען גאָר געווען עפּ-שער טויזנטער מאָל קאָנספּיראַטיווער פון זיי, נאָר גיי דערצייל זיי אַ מאַיסע. אויך פלעגן די גרויסע ליב האָבן פון אונז אָפּצולאַכן, ווי פון קליינע. דאָס פלעגט אונז שטאַרק פאַר-דריסן. מיט אייניקע אַרבעטער האָבן מיר געהאַט אָנגעשטרענגטע באַציאונגען. אַסאַך אַר-בעטער פון די גרויסע פלעגן די אינגלעך עקספּלואַטירן און ווייניק לערנען זיי די מעלאָכע.

די רייבונגען מיט די גרויסע האָבן אונז געקאָסט פיל געזונט. אף אונזערע פאַרזאַמ-לונגען האָט זיך אַסאַך מאָל וועגן דעם גערעדט. סאָפּקאָלסאָף זיינען מיר געקומען צום

אויספיר, אַז מע דאַרף מאַכן אַן אייגענע בירזשע. אויסגעקליבן אַ גאַס, וועלכע גרענעצט זיך מיט דער בירזשע פון די גרויסע, און איינגעאָרדנט אונזער בירזשע. מיר האָבן זיך איבערצייגט, אַז מיר קאָנען אַף אַן אייגענער בירזשע פיל מער אויפטאָן צווישן דער יוגנט.

ניט קוקנדיק אַף אונזערע סיכסוכים מיט די גרויסע, האָבן מיר זיי הויך געשעצט און שטאַרק ליב געהאַט. אָן זיי האָבן מיר ניט געקאנט אויסקומען, פלעגן מיר שיקן אונזערע פאָרשטייער צו די גרויסע אַף דער בירזשע געוואָר ווערן נייס. אונזער בירזשע איז אין אַ קורצער צייט אַרום פּאָפּוליער געוואָרן ניט נאָר צווישן דער יוגנט, נאָר אויך באַ די גרוי-סע. עס האָט זיי צו אונזער בירזשע געצויגן, ווייל באַ אונז איז אַלעמאָל געווען לעבעדיק, פריילעך: מע האָט געזונגען רעוואָלוציאָנערע לידער און גלאַט איבערגעקערט אַ וועלט. די גרויסע, וועלכע פלעגן אונזער בירזשע באַזוכן, פלעגן אונז ברענגען קערנדלעך. אייניקע פלעגן אונז לייען געלט אַף ביכלעך. אונזער בירזשע איז אין אַסאַך פראָטים אַפילע געווען בעסער פון דער גרויסער: געווען אַסאַך בענקלעך צו זיצן און דורכגאַנגען אַף אָפּציען אין פאַל פון אַ פּאָליציייאישער אַטאַקע.

**ש. ראָסין**

# בערל בעקער

(באַלאַדע)

I.

בערל בעקער איז א פראָסטער אינגל,
זיינע אויגן זיינען מעליק גרוי.
צו דרייצן יאָר—גאָר א קינד נאָך
האָט ער געקנאטן שוין קאַסטנס ברויט.

בערל בעקער ווייסט וואָס נויט איז,
און עפּעס נאָך ווייסט בערל גוט:
דערפאַר האָט ער אַזוי דערפרייט זיך
מיט רויטן שטערנדל אַף גרינעם הוט.

אויסגעוועון אף אלע פראָנטן
אין לענדער פרעמדע, אין אייגן לאַנד:
דערפאַר איז טייער די רויטע פאָן אים
און ביקס געלאָדענע אין שטרענגער האנט...

דערפאַר איז טייער אים אַזוי און נאָענט
זיין פאַנצער שטאָלענער מיט בלינדן נאָז,
און מער פאר אלעמען—זיין בלאָנדער כאַוועֶר,
אַנטאָן מאַטראָס.

II.

האָט זיך א מיטן-טאָג אזא א שטאָטישער פארטייעט
איינגעהערט אין זיך צו שלאפנדיקע שרעקן—
פלוצלינג האָט א ראָג א שאָט געטאָן מיט כאַיעל
און האָט דעם טאָג אַף טויזנט שטיק צעבּרעקלט...

אויפגעפלאַצטע שווייגנדיקע גרוילן
האבּן הימל אנגעצויגענעם אַף שטאט צעלעכערט—
ס'האָבּן נאָך אף גאַסן זיך געצויגן רויטע טיילן,
ס'האָט וואָקזאל געפלאקערט נאך מיט רויטס אף דעכער...

III.

זאלן אקסלען זיך ענגער פאַרשליסן,
און בּיקס זאָל געצילט זיין און גרייט:
ס'האָט דער סוינע אין שטאָט זיך בּאַוויזן
און דראָט אונזער כאַיעל מיט טויט.

איז אין ראטהויז געווען א בּאראטונג,
האָט בּערל גענומען א וואָרט —
„בּראָניעוויק זאָל דעם סוינע פארהאלטן,
און כאַוויירים אט דאס לייג איך פאָר“...

און שטיל איז געוואָרן די זיצונג
און אַלע ווי איינער פאַרשטייט:
בּראָניעוויק וועט אַליין דאָך ניט שיסן,
בּראָניעוויק וועט אליין דאָך ניט-גיין...

אַנטאָן האָט פאַרקוקט אַף די הענט זיך
און פלוצלינג ער שרייט אויס פון אָרט:
„הוי, בּעריק, נעם צי-אָן די ליענטעס,
און איך מאך שוין גרייט דעם מאָטאָר“

IV

אַ בּראָנעוויק, אַ בּראָנעוויק צערעוועט זיך אַף פלעצער,
אַ בלינדער העלפאַנט רעדערט שווערע לאַסט,
און שלעפּט די שווערע פיס, ווי קלעצער,
און אַקערט מיטן נאָז די גאַס.

און טרייסלט אויף די לופט, די גאַס, די גאַנצע שטאָט שוין,
און וויגט זיך שוין דער הימל און די ערד. —
דאָס האָט זיך בּערל בּעקער מיט אַנטאָן מאַטראָסן
געשטעלט מיט בּראָנעוויק דעם סוינע אַפן וועג.